


# שטערן

ליטעראַריש-
קינסטלערישער
און פּאָליטיש-
וויסנשאַפטלעכער
כוידעש-
זשורנאַל

7-8

מינסק — 1937

## אינהאלט


מ. אי. קאלינין — וועגן סטאטוס פון די וואלן אין העכסטן ראט פון פססר . . . . . . .

מאטע דעכטיאר — א פארלארענער קייווער (דערציילונגען) .

מ. כאשטשעוואצקי — אין בירעבידזשאן (ליד) . . . 25

ש. גאדינער — די סאמע יינגסטע פאן (דערציילונג) . . .

ה. בלאשטיין — לידער . . . . . . .

יודל יאפע — גווירישער טאכלעס (אויסצוג) . . . 63

ז. טעלעסין — פון אמאל (לידער) . . . . .

ש. טשערניאווסקי (ליד) . . . . . . 75

נויעכ לוריע — עליע יארש (פארזעצונג) . . . .

ב. ארשאנסקי — דאס ערשטע מאל זינט די וועלט שטייט . .

מ. מיטין — א געניאל ווערק . . . . . . 110

אי. דרוקער — קעגן ע. שעכטמאנס צווייטן בוך „פאראקערטע מעשעס“ כראניק . . . . . . . .

פראָלעטאריער פונ אלע לענדער פאראייניקט זיכ!

# שטערנ

№ 7—8 דרײַצנטער יאָרגאנג 1937 יול—אויגוסט

אָרגאנ פונ פארבאנד סאָוועטישע שרײַבער פונ ווססר

מ. אי. קאלינינ

## דער סטאטוט וועגנ די וואלנ אינ העכסטנ ראט פונ פארבאנד ססר אונ די אופגאבנ פונ די סאָוועטנ

דער סטאטוט וועגנ די וואלנ אינ העכסטנ ראט פונ פססר, וועלכער איז אָנגענומענ געוואָרנ דורכ דער IV סעסיע פונ צענטראלנ אויספיר-קאָמיטעט פונ פססר, איז א געזעצ, וואָס באשטימט די אָרדענונג אונ די פאָרמ פונ דעמ, ווי די ווײלער ווײלנ אויס זײערע דעפוטאטנ אינ העכסטנ ראָט פונ פססר. דער דאָזיקער געזעצ איז געבויט אינגאנצנ אונ פולשטענדיק אפנ גרונט פונ דער סטאלינישער קאָנסטיטוציע פונ סאָוועטנפארבאנד.

מיט וועלכע באזונדערקײַטנ ווערט כאראקטעריזירט אונדזער וואל־סיסטעמ?

די וואלנ זײַנענ אלגעמײנע, ד. ה., די בירגער פונ פארבאנד, ווענענ עס ווערט צומ טאָג פונ די וואלנ 18 יאָר, האָבנ דאָס רעכט צו ווײלנ אונ אויסגעווײלט צו ווערנ אינ העכסטנ ראט פונ פססר. דאָס באטײַט, אז אונדזער גאנצע סאָוועטישע יוגנט, אָנהײבנדיק פונ 18-יאָריקנ עלטער וועלנ צוזאמענ מיט אלע בירגער פונ לאנד נעמענ אנ אקטיוונ אָנטײל אינ די וואלנ. אזא ברײטער ארומכאפ מיט וואל־רעכט די באפעלקערונג איז בלויז אינ סאָוועטנפארבאנד. קוימ קענ זיכ דערלויבנ וועלכע עס איז פונ די סאמע דעמאָקראטישע לענדער פונ דער קאפיטאליסטישער וועלט אזא לוקסוס, ווײַל געבנ ווירקלעכע, ניט פאָרמעלע וואל־רעכט דעמ גאנצנ פאָלק—באטײַט האָבנ א פאָלקס־רעגירונג, א רעגירונג, וועמעס גרונט־ציל וועט, אומבאדינגט, זײַנ דער קאמפ קעגנ קאפיטאליזמ.

אינ די בורזשואזע לענדער פארניכטעט די קאפיטאליסטישע קליקע אלצ מער אונ מער די אזוי גערופענע בורזשואזע דעמאָקראטיע, שטרעבנדיק צו א ניט פארדעקטנ, הוילנ גוואלדטאט איבער די פאָלקס־מאסנ.

אינ א גאנצ אנדערער, פונקט א קעגנזעצלעכער לאגע געפינט זיכ פססר. בא אונדז איז דער ארבעטער־קלאס אונ דאָס קאָלווירטישע פויערטומ שטײענ בא דער

מאכט. דער אוואנגארד פונ די ארבעטנדיקע—די קאָמוניסטישע פארטיי שטעלט פאר זיכ א ציל צו אויסבויען די קאָמוניסטישע געזעלשאפט, וואָס דאָס איז אויכ דער ציל פונ ארבעטער־קלאס אונ פונ זײַנ מיטכאווער אינ קאמפ—דעם קאָלווירטישנ פויערטום. אונ וואָס ברייטער, פולער אונ טיפער עס וועלנ זיכ באטייליקנ די ארבעטנדיקע מאסנ אינ פאָליטישנ לעבנ פונ לאנד, אלצ מער ווערט געזיכערט אונ פארפעסטיקט די סאָוועטישע אָרדענונג.

אָט פארוואָס אונדזער אלגעמיינקײַט פונ די וואלנ האָט גאָרנישט געמיינזאמעס מיט די אזוי גערופענע „אלגעמיינע“ וואלנ אינ די קאפיטאליסטישע לענדער. בא אונדז דרינגט זי ארויס פונ די טיפע אינטערעסנ פונ די ארבעטער אונ פויערים, וואָס שטייענ בא דער מאכט. אינ דער קאפיטאליסטישער מעלוכע איז די אלגעמיינקײַט פונ די וואלנ אויסגערעכנט אפ אָפנארנ, אפ צו פאנגענ פראָסטאקעס פונ דער סוויווע פונ די ארבעטנדיקע. רעקלאמירנדיק אלגעמיינקײַט פונ וואלנ, שליסנ אײַנ די רעגירונגענ פונ די קאפיטאליסטישע לענדער אונ זייערע געזעצנ וועגנ וואלנ אונטער דעם אָדער יענעם אויסזענ (אײַנגעזעסנקײַט, עלטער, פארמעגנס־לאגע א. א. וו.) אזויפיל באגרענעצונגענ, אז פונ דער אלגעמיינקײַט פונ וואל־רעכט בלײַבט גאָרנישט.

אינ אונדזער געזעצ וועגנ די וואלנ זײַנענ פאראנ בלויז צוויי באגרענעצונגענ: דאָס זײַנענ—דאָס אָפנעמענ די וואלרעכט בא מעשוגאָים אונ בא פערזאָנענ, וואָס זײַנענ פארמישפעט דורכנ געריכט. דערבײַ שטעלט דער געריכט ספעציִעל אײַנ פאר די פערזאָנענ וואָס זײַנענ פארמישפעט, דאָס אָפנעמענ דאָס וואל־רעכט אפ א באשטימטנ טערמינ. נאָר אויכ אינ דעם דאָזיקנ פאל איז די לייזונג פונ דער פראגע וועגנ אָפנעמענ דאָס וואלרעכט פאקטיש איבערגעגעבנ דעם פאָלק, ווײַל דער פאָלקס־געריכט אינ סאָוועטנפארבאנד ווערט אויסגעוויילט דורכ די בירגער פונ ראיאָנ אפנ גרונט פונ אלגעמיינעם, דירעקטנ אונ גלײַכנ וואלרעכט בא א געהיימער אָפשטימונג. פונ דעם איז צו זענ, ווי גרויס עס איז דער צוטרוי פונעם געזעצגעבער צו די פאָלקס־מאסנ. אונ אנדערש קענ טאקע ניט זײַנ, ווײַל די סאָוועטנ־מאכט איז א מאכט פונ פאָלק אונ אלס איר שטיצע האָט זי דעם ארבעטער־קלאס אונ דעם קאָלווירטישנ פויערטום פונ אלע נאציִאָנאליטעטנ פונ פססר.

דער צווייטער ארטיקל פונעם סטאטוט וועגנ די וואלנ זאָגט: „אלע בירגער פונ פססר, וואָס זײַנענ אלט געוואָרנ 18 יאָר, אומאָפהענגיק פונ ראסעווער אונ נאציִאָנאלער אָנגעהעריקײַט, פונ גלויבנ, בילדונגס־צענז; אײַנגעזעסנקײַט, סאָציִאלער אָפשטאמונג, פארמעגנס־לאגע אונ פאָריקער טעטיקײַט, האָבנ דאָס רעכט צו באטייליקנ זיכ אינ די וואלנ פונ דעפוטאטנ אונ אויסגעוויילט צו ווערנ אינ העכסטנ ראט פונ פססר“.

די וואלנ פונ די דעפוטאטנ זײַנענ גלײַכע: יעדער בירגער האָט אײַנ שטימ: אלע בירגער באטייליקנ זיכ אינ די וואלנ אפ גלײַכע יעסוידעס. פאר פיל בירגער דינט דער דאָזיקער ארטיקל ווי א דאטע פונ דער געשיכטע. די יוגנט, וואָס איז אויסגעוואָקסנ אינ די סאָוועטישע באדינגונגענ דענקט גאָר ניט אנדערש, זי פארשטייט ניט אנ אָפשטימונג אינ ניט גלײַכע באדינגונגענ.

אנ אנדער בילד איז אינ די לענדער פונ דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע, וווּ די יורידישע גלײַכהײַט דינט אַלס צודעק פונ דער פאַקטישער ניט גלײַכהײַט אינעם לעבנ אונ באַזונדערס ניט גלײַכהײַט אינ דער אָפּשטימונג.

איכ וועל ניט ריידנ וועגנ דער יורידישער „גלײַכהײַט", וואָס דרינגט אַרויס פונ די בורזשואַזע געזעצנ. וואָס פאַרא גלײַכהײַט קענ זײַנ צווישנ פאַבריקאַנט אונ אַרבעטער, צווישנ גוטסבאַזיצער אונ פויער? נאָר אויכ די דאָזיקע יורידישע רעכט אָפּ גלײַכהײַט איז פאַרקריפּלט מיט פאַרשיידענע באַגרענעצונגענ, אונ, אַלס קלאַל, זײַנענ אַלע באַגרענעצונגענ געווענדעט קעגנ די ניט פאַרמעגלעכע קלאַסנ. לאָמיר נעמענ, אַלס א בײַשפּיל, דעם אײַנגעזעסנקײַט־צענז, ווענ דאָס רעכט צו וויילנ איז געגעבנ די פּערזאָנענ, וועלכע לעבנ ניט ווייניקער פונ א האַלב יאָר אָדער ניט ווייניקער פונ צוויי יאָר אינ געגעבענעם אָרט (געמיינדע). פאַרשטייט זיכ, אַנ אָרעמאַנ אָדער אַנ אַרבעטלאָזער איז געצוווּנגענ אָפטער צו בײַטנ די דירע, ווי א הויז־באַזיצער. די פאַבריקאַנטנ, באַנקירנ האָבנ אינ אַנדערע לענדער צוויי, דרײַ שטימענ—לויטנ אָרט, וווּ עס געפינט זיכ די פאַבריק אונ לויטנ אָרט פונ זייער וווינונג. אויסער דעם, קענענ זיי נאָכ דריקנ אָפּ די אָנגעשטעלטע פונ זייערע אונטערנעמונגענ. מע קענ אָנשרײַבנ גאַנצע בענדער פונ דער געשיכטע פונ די בורזשואַזע פּאַרלאַמענט־וואַלנ וועגנ טויזנטער קינסטלעכע מאַכינאַציעס, וועלכע זײַנענ געווענדעט צו דעם, קעדיי אָפּשטויסנ די פאָלקס־מאַסנ פונ באַטייליקנ זיכ אינ די וואַלנ.

דער פערטער אַרטיקל פונעם סטאַטוט, באַזירנדיק זיכ אויפנ 137־טנ אַרטיקל פונ דער קאָנסטיטוציע פונ פססר, רעדט וועגנ דער פולער גלײַכהײַט פונ די פרויענ מיט די מענער, זיי האָבנ דאָס רעכט צו וויילנ אונ אויסגעוויילט צו ווערנ צוגלײַכ מיט די מענער. קעדיי בעסער פאַרשטיינ דעם דאָזיקנ אַרטיקל, איז גוט דורכצולייענענ בעלס ווערק—„די פרוי אונ סאָציאַליזמ". דאַנ וועט ווערנ קלאָרער די נייטיקײַט פונעם דאָזיקנ אַרטיקל ניט בלויז אינ דער קאָנסטיטוציע פונ פססר, נאָר אויכ אינעם 1־טנ קאַפּיטל פונעם „סטאַטוט וועגנ די וואַלנ אינ העכסטנ ראַט פונ פססר".

דער פינפטער אַרטיקל רעפּראָדוצירט דעמ 138־טנ אַרטיקל פונ דער קאָנסטיטוציע פונ פססר. די בירגער, וואָס געפינענ זיכ אינ די רייענ פונ דער רויטער אַרמיי, האָבנ דאָס רעכט צו וויילנ אונ אויסגעוויילט צו ווערנ צוגלײַכ מיט אַלע בירגער. אַנ ענלעכנ אַרטיקל וועט איר ניט באַגעגענענ ניט אינ די בורזשואַזע קאָנסטיטוציעס, ניט אינ די בורזשואַזע וואַל־געזעצנ.

די קאַפּיטאַליסטנ שטרעבנ אָפּהיטנ זייער אַרמיי פונ דער פּאָליטישער אויפווירקונג פונ די פּראָלעטאַרישע אונ ראַדיקאַל־קליינבירגערלעכע פּאַרטייענ. זייער צווייעסדיקע אויסטײַטשונג, אַז אַנ אַרמיי שטייט אויסער פּאַרטייענ, אַז איר אויפגאַבע איז צו אָפּהיטנ די גרענעצנ פונ דער מעלוכע, ווערט פולשטענדיק אָפּגעוואָרפנ דורכ דער איצטיקער פּאָליטישער לאַגע. מיר וויסנ, אַז אינ א ריי לענדער, ווי צום בײַשפּיל, אינ יאַפּאָניע, מאַכט דער אויבערשטער שיכט פונ דער אַרמיי די פּאָליטיק, ער דיקטירט זײַנע באַדינגונגענ דער רעגירונג. פאַרשטייט זיכ, מיט דער קליקע פונ די מיליטערישע גענעראַלנ פירנ אָנ אויכ קאַפּיטאַליסטישע גרופּירונגענ. נאָר דאָס

דערוויַזט, אַז דער מיליטערישער אויבערשיכט פונ די קאַפּיטאַליסטישע לענדער איז ענג פאַרבונדנ מיטנ קאַפּיטאַליסטישנ אויבערשיכט.

בא אונדז איז די אַרמײ אַ פאָלקישע, זי לעבט מיט די זעלבע געדאַנקענ, אידייען און שטרעבונגענ, ווי אויכ דאָס גאַנצע סאָוועטישע פאָלק. אונדזער אַרמײ היט ניט נאָר אָפּ דאָס היימלאַנד, זי באַטייליקט זיכ אינ דער בויונג פונ סאָציאַליזמ, זי איז ענג פאַרבונדנ מיטנ גאַנצנ סאָוועטישנ פאָלק, זי איז הייס באַליבט באַמ פאָלק.

דאָס באַטייליקנ זיכ פונ דער רויטער אַרמײ אינ די וואַלנ פונ די ראַטנ פונ די אַרבעטנדיקע פאַרגרעסערט נאָכ מער די פאַרבינדונג פונ דער אַרמײ מיטנ פאָלק. די דאָזיקע פאַרבינדונג, האָבנ מוירע, ווי אַ טײַוול פאַר ווײַרעכ, צו דערלאָזנ בא זיכ די קאַפּיטאַליסטנ. נאָר די דאָזיקע פאַרבינדונג באַגריסט באַזונדערס די סאָוועטנ־מאַכט. פאַר דער דאָזיקער פאַרבינדונג קעמפט די קאָמוניסטישע פּאַרטײ, ווײַל די דאָזיקע פאַרבינדונג דינט דער זאַכ פונ לאַנדשוץ.

דער זעקסטער אַרטיקל פונעמ סטאַטוט באַשטימט אָפּנ גרונט פונ דעמ 141־טנ אַרטיקל פונ דער קאָנסטיטוציע, אַז קאַנדידאַטנ ווע־נ בא די וואַלנ אַרויסגעשטעלט לויט וואַל־קרײַזנ. דאָס אַרויסשטעלנ קאַנדידאַטנ לויט וואַל־קרײַזנ האָט אַ גרויסע באַדײַטונג. אַזאַ סיסטעמ פונ וויילנ גיט אַ גאַראַנטיע, אַז אינ העכסטנ ראַט וועלנ אויסגעוויילט ווערנ מענטשנ, וועלכע זײַנענ פּערסאָנעל באַוווּסט מיט זייער פּאָליטישער, געזעלשאַפטלעכער און פּראָדוקטירישער אַרבעט די וויילער פונ קרײַז, ווו זיי וועלנ אַרויסגעשטעלט ווערנ.

# וועגנ די וויילער־צעטלענ

דאָס צונויפשטעלנ די וויילער־צעטלענ ווערט אַרופגעלייגט אינ די שטעט אָפּ די שטאָטסאָוועטנ, אינ שטעט מיט אַ ראַיאָנער אײַנטיילונג—אָפּ די ראַיאָנע סאָוועטנ, אינ די דערפער—אָפּ די דאָרפישע סאָוועטנ.

דאָס איז אַ קאָלאָסאַלע און פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט. זאָרגעוודיקע סאָוועטנ פירנ שוינ איצט אָנ אַרבעט אָפּ צונויפשטעלנ די צעטלענ.

דאָס צונויפשטעלנ די צעטלענ איז אָנ אַרבעט אַ טעכנישע, נאָר מע קענ מיט זיכערקײַט זאָגנ, אַז די קוואַליטעט פונ די דאָזיקע צעטלענ וועט כאַראַקטעריזירנ דעמ צושטאַנד, אַרבעטספייִקײַט און קולטורעלקײַט פונעמ סאָוועטישנ אַפּאַראַט, פונ די סאָוועטישע קאַדרענ.

אינ די וויילער־צעטלענ ווערנ אײַנגעשלאָסנ אַלע בירגער, וואָס האָבנ וואַלרעכט און וואָס צומ מאָמענט פונ צונויפשטעלנ די צעטלענ וווינענ זיי (שטענדיק אָדער צײַטווײַליק) אָפּ דער טעריטאָריע פונעמ געגעבענעמ סאָוועט און וואָס זײַנענ אַלט געוואָרנ צומ טאָג פונ די וואַלנ 18 יאָר (אַרט. 8).

אינ דער איבערוועגנדיקער מערהײַט וועט זײַנ אָפּ דער טעריטאָריע פונ יעדנ דאָרפישנ סאָוועט צו עטלעכע וואַל־באַצירקנ, און אינ די גרויסע שטעט וועלנ זיי זײַנ ביז 100; אַלזאָ, וועט אויסקומענ איידער צוטרעטנ צו צונויפשטעלנ די צעטלענ פונ די וויילער פאָרויס אָנמערקנ אויכ די טעריטאָריע, כאָטש אומגעפער, פונ די וואַל־באַצירקנ.

די אָרטיקע סאָוועטנ וועלנ שוינ איצט, ניט פארלירנדיק קיינ צײַט, דארפנ לייזנ פאר זיכ, אפ וואָס פאר אנ אויפנ וועלנ זיי באקאָנענ די באפעלקערונג מיט די צעטלענ פונ די וויילער אונ ווי וועט זײַנ געזיכערט די מעגלעכקײַט דורכצוקאָנטראָלירנ מיצאד די וויילער, צי זײַנענ זיי ריכטיק ארײַנגעטראָגנ געוואָרנ אינ די צעטלענ.

דער ארטיקל 15 פונעם סטאטוט גיט דאָס רעכט די וויילער באמ בײַטנ דאָס וווינ־אָרט אינדערצײַט צווישנ דעמ פארעפנטלעכנ די צעטלענ ביז דעמ טאָג פונ די וואלנ צו שטימענ אינ זייער נײַעמ וווינ־אָרט. נאָר אינ דעמ פאל דארפנ זיי מעלדנ דעמ סאָוועט וועגנ זייער אָפּפאָרנ, קעדיי מע זאָל זיי קענענ אָפּמערקנ אינ צעטל פונ די וויילער, ווי ארויסגעפאָרענע. דערנאָכ דארפנ זיי נעמענ מיט זיכ פונ סאָוועט, ווּ זיי האָבנ פריִער געלעבט, א צײַגעניש אפ דאָס רעכט צו שטימענ אינ צווייטנ אָרט. די דאָזיקע צײַגעניש גיט דעמ וויילער דאָס רעכט צו אײַנשליסנ אימ אינ וואל-צעטל לויטנ נײַעמ וווינ־אָרט (ווּ ער געפינט זיכ), ווּ ער וועט שטימענ צוגלײַכ מיט אלע בירגער. נעמענדיק אינ אכט די באוועגלעכקײַט פונ אונדזער באפעלקערונג, דארפנ די סאָוועטנ, באזונדערס די שטאָטישע, זײַנ גרייט צו באפרידיקנ די דאָזיקע פאָדערונגענ פונ די וויילער, אונ אינ אזוינע צענטרענ, ווי מאָסקווע, לענינגראד, קיִעוו א.א.וו., וועט קענטיק אויסקומענ די ראיאָנע סאָוועטנ צו שאפנ באזונדערע אפאראטנ אפ אויספילנ די דאָזיקע ארבעטנ.

א מעלדונג וועגנ א ניט־ריכטיקײַט אינ וויילער־צעטל ווערט דערלאנגט אינעמ ראט פונ די דעפּוטאטנ פונ די ארבעטנדיקע, וועלכער האָט פארעפנטלעכט די צעטלענ. (ארט. 16). באמ ניט מאסקימ זײַנ מיט דער באשטימונג פונ סאָוועט קענ דער מעלדונג־אָנגעבער דערלאנגענ אנ אָנקלאגע אינ פאָלקס־געריכט, וועמעס באשלוס איז אנ ענדגילטיקער.

## וועגנ די וואל־קרײַזנ פאר די וואלנ אינ ראט פונ פארבאנד אונ אינ נאציאָנאליטעטנ־ראט

דער וואל־קרײַז פאר די וואלנ אינ ראט פונ פארבאנד ווערט צונויפגעשטעלט לויטנ פרינציפּ: 300 טויזנט באפעלקערונג אפ א קרײַז (ארט. 21). יעדער וואל־קרײַז שיקט איינ דעפּוטאט. איצט האָט זיכ אנטוויקלט אנ ארבעט אפ די ערטער אונ אינ צענטער אפ אָרגאניזירנ וואל־קרײַזנ. די וואל־קרײַזנ פאר די וואלנ אינ ראט פונ פארבאנד ווערנ אָנגעמערקט אינ די גרענעצנ פונ די טעריטאָריעלע גרענעצנ פונ די קאנטנ, פארבאנדישע, אווטאָנאָמע רעפּובליקנ אונ געגנטנ, דערבײַ, וועלנ, אלס קלאל, די אדמיניסטראטיווע ראיאָנענ ארײַנגיינ אינ קרײַז אלס גאנצע. די פראקטיק האָט באוויזנ, אז ניט אינ אלע קרײַזנ וועט פינקטלעכ זײַנ צו 300 טויזנט באפעלקערונג. אָבער די דאָזיקע אָפּנויגנ פונ דער נאָרמע בא דער ערשטער אָנמערקונג האָבנ זיכ ארויסגעוויזנ פאר ניט באדײַטנדיקע. ווי א קלאל גייענ זיי ניט ארויס פונ די גרענעצנ 3—5 פראָצענט. די מאטעמאטישע פינקטלעכקײַט בא דער דאָזיקער פאנאנדער־טיילונג פונ דער באפעלקערונג לויט קרײַזנ, פארשטייט זיכ, איז דורכצופירנ טאקע

אומעגלעכ, ווײַל יעדנ טאָג קומט דאָכ פאָר א צוּוווּקס אונ אָפּפלוס פונ דער באפעלקערונג, וועלכע קענענ פארפינקטלעכט ווערנ בלויז מיטנ ווײַטערדיקנ דיסקאָנט.

דער צענטער פונ וואל־קרײַז דארפ זײַנ פארבונדנ דורכ פארקער־וועגנ מיט די באצירקנ, וועלכע גייענ ארײַנ אינעמ דאָזיקנ קרײַז, קעדיי די ווײלער אונ די מיטגלידער פונ דער באצירקישער וואל־קאָמיסיע זאָלנ קענענ פארהעלטנישמעסיק לײַכט דערקלײַבנ זיכ אינ דער קרײַזישער וואל־קאָמיסיע. דערנאָכ דארפ מענ, אויב ניט קיינ טעלעפאָנענ, איז אלנפאלס א טעלעגראפ־פארבינדונג פונ די וואל־באצירקנ מיט דער קרײַזישער וואל־קאָמיסיע. עס איז געווונטשנ, אז דער קרײַזישער צענטער זאָל האָבנ א סאָלידע קולטורעלע באזע אונ א דרוקערײַ, וועלכע זאָל קענענ באדינענ די וואלנ אינ קרײַז. אינ אלגעמיינ דער אויסוואל פונ קרײַזישנ צענטער, אונ דאָס צושרײַבנ צו אימ די אָדער יענע ראיאָנענ פאָדערט א גרויסע ארײַנגעטראכטקייט אונ וויסנ ניט בלויז געאָגראפיע, נאָר אויכ די פארבינדונג-מיטלענ, פארקער־וועגנ א.ד.גל.

אביסל אנדערש וועלנ אָרגאניזירט ווערנ די קרײַזנ פאר די וואלנ אינ נאציִאָנאליטעטנ־ראט. דער וואל-קרײַז פאר די וואלנ אינ נאציִאָנאליטעטנ־ראט ווערט צונויפגעשטעלט לויטנ פרינציפ 25 קרײַזנ אינ יעדער פארבאנדישער רעפובליק, 11 קרײַזנ אינ יעדער אווטאָנאָמער רעפובליק, 5 קרײַזנ אינ יעדער אווטאָנאָמער געגנט אונ איינ וואל־קרײַז אינ יעדנ נאציִאָנאלנ קרײַז. יעדער קרײַז פאר די וואלנ אינ נאציִאָנאליטעטנ־ראט ווײלט אויס איינ דעפוטאט. באמ אויסבילדנ די קרײַזנ פאר די וואלנ אינ נאציִאָנאליטעטנ־ראט וועלנ מיר האָבנ א גרויסנ אונטערשייד לויט דער צאָל באפעלקערונג אינ די דאָזיקע קרײַזנ. דאָס איז דערפאר, ווײַל די באפעלקערונג פונ יעדער פארבאנדישער רעפובליק מיט אלע אווטאָנאָמע רעפובליקנ אונ געגנטנ, וואָס גייענ אינ איר ארײַנ טיילט זיכ אפ 25 קרײַזנ. די צאָל באפעלקערונג אָבער אינ די פארבאנדישע רעפובליקנ איז ניט גלײַכ. דעריבער איז אויכ די צאָל באפעלקערונג אינ די קרײַזנ פאר די וואלנ אינ נאציִאָנאליטעטנ־ראט ניט גלײַכ. דאָס זעלבע באקומט זיכ אויכ באמ טיילנ יעדער אווטאָנאָמע רעפובליק אפ 11 קרײַזנ, יעדע אווטאָנאָמע געגנט אפ 5 קרײַזנ. אפנ גרונט פונעמ ארטיקל 35 פונ דער קאָנסטיטוציע פונ פססר וועט יעדערע פונ די אווטאָנאָמע רעפובליקנ האָבנ צו 11 קרײַזנ פאר די וואלנ אינ נאציִאָנאליטעטנ־ראט. הייסט עס, די ווײלער פונ די דאָזיקע רעפובליקנ וועלנ בא דער אָפּשטימונג האָבנ דרײַ וואל־ביולעטענענ, דרײַ צעטלענ פונ קאנדידאטנ אינ העכסטנ ראט. איינער אינ ראט פונ פארבאנד פונ 300 טויזנט באפעלקערונג, איינער אינ נאציִאָנאליטעטנ־ראט (פונ רספסר) אונ איינער אינ נאציִאָנאליטעטנ־ראט פונ זײַנ אווטאָנאָמער רעפובליק. די ווײלער, וועלכע וווינענ אינ די קאנטנ אונ געגנטנ (אויסער די אווטאָנאָמע רעפובליקנ, נאציִאָנאלע געגנטנ אונ קרײַזנ) פונ רספסר, צומ בײַשפּיל, אינ מאָסקווער, וואָראָנעזשער געגנט, אינ די שטעט לענינגראד, מאָסקווע, ראָסטאָוו אפ דאָנ א. א. וו. וועלנ האָבנ צוויי וואל־ביולעטענענ. די ווײלער פונ אוקראיִנע וועלנ אויכ האָבנ צוויי ביולעטענענ, אונ די ווײלער פונ דער מאָלדאווישער אססר וועלנ האָבנ דרײַ וואל־ביולעטענענ. אפ אזא אויפנ וועלנ אפנ גרונט פונעמ ארטיקל 22 פונעמ סטאטוט וועגנ די וואלנ האָבנ אלע, אפילע די סאמע ניט גרויסע לויט דער צאָל פעלקער פונ פססר זייערע פאָרשטייער אינ העכסטנ ראט פונ פססר.

דאָס איז טאקע די פארווירקלעכונג אפ דער פראקטיק די נאציאָנאלע פּאָליטיק פונ לענינ־סטאלינ.

די אויסבילדונג פונ די וואל־קרײַזנ פאר די וואלנ אינ ראט פונ פארבאנד אונ נאציאָנאליטעטנ־ראט ווערט דורכגעפירט דורכנ פרעזידיום פונעמ העכסטנ ראט פונ ססר (ארט. 23) אונ דאָס צעטל פונ די קרײַזנ ווערט פארעפנטלעכט גלײַכצײַטיק מיטנ באשטימענ דעמ טאָג פונ די וואלנ (ארט. 24).

# וועגנ די וואל-באצירקנ

אפ צונעמענ אונ אונטערעכענענ די שטימענ ווערנ די וואל־קרײַזנ געטײלט אפ וואל־באצירקנ, זיי זײַנענ געמײנזאמע פאר די וואלנ אינ ראט פונ פארבאנד אונ נאציאָנאליטעטנ-ראט. זײער אויסבילדונג אינ די שטעט ווערט דורכגעפירט דורכ די שטאָטישע סאָוועטנ אונ אינ די שטעט מיט א ראיאָנער אײַנטײלונג—דורכ די ראיאָנע סאָוועטנ אונ אינ די דאָרפישע ערטער—דורכ די ראיאָנע סאָוועטנ. (ארט. 25 אונ 26).

אָפט פארגיט מענ א פראגע: אפ וואָס פאר אנ אויפנ וועט אײנ וואל־באצירק אינ טאָג פונ די וואלנ קענענ באדינענ, צומ בײַשפּיל, אינ דער דאגעסטאנישער אווטאָנאָמער רעפובליק, דרײַ וואל־קרײַזנ: אינ ראט פונ פארבאנד, אינ נאציאָנאליטעטנ־ראט פאר רספסר אונ פאר דער דאגעסטאנישער אווטאָנאָמער רעפובליק. איכ דארפ צו דעמ צוגעבנ, אז אינ א ניט גרויסנ באצירק לויט דער צאָל באפעלקערונג וועט, וואָרשײַנלעכ, זײַנ אײנ וואל־קעסטל.

דער וואל־באצירק איז דער אײנציקער פונקט פאר צונעמענ ביולעטענעו, אָבער דאָס אונטערעכענענ די שטימענ לויט אלע ביולעטענענ אונ דאָס איבערגעבנ די סאכאקלענ פונ דער אָפּשטימונג אינ די אנטשפּרעכיקע קרײַזישע וואל־קאָמיסיעס איז די זאכ פונ דער באצירקישער וואל־קאָמיסיע.

די טעריטאָריעס פונ דאָרפסאָוועט מיט א צאָל אײַנוווינער ביז 2000 מענטשנ, בילדעט, אלס קלאל, אײנ וואל־באצירק. אינ די סטאניצעס, דערפער מיט א באפעלקערונג פונ 500 ביז 2000 ווערט אָרגאניזירט א באזונדער וואל־באצירק. אונ אינ די צאָפנדיקע אונ מיזרעכ־ראיאָנענ, וו עס דאָמינירנ קלײנע יישובים ווערט דערלאָזט די אָרגאניזירונג פונ באצירקנ מיט א צאָל ניט ווייניקער פונ 100 אײַנוווינער.

שטעט אונ דאָרפישע יישובים, וואָס האָבנ העכער 2000 באפעלקערונג ווערנ אײַנגעטײלט אפ וואל־באצירקנ לויטנ כעזשבנ אײנ וואל־באצירק אפ 1500—2500 מאנ באפעלקערונג. שיפנ מיט א צאָל ניט ווייניקער פונ 50 ווײלער, וועלכע געפינענ זיכ אינ שווימענ, קענענ בילדנ א באזונדער וואל־באצירק.

בא שפּיטאָלנ, געווינערנס־הײַזער, אינוואלידנ־הײַזער, סאנאטאָריעס מיט א צאָל ווײלער ניט ווייניקער פונ 50 ווערנ געשאפנ באזונדערע וואל־באצירקנ.

וואל־באצירקנ ווערנ אָרגאניזירט ניט שפּעטער, ווי 45 טעג פאר־די וואלנ.

די ארבעט אפ אָרגאניזירנ וואל־קרײַזנ קומט איצט פאָר איבערנ גאנצנ פארבאנד, מע קענ זאָגנ, אז עס איז שוינ דורכגעפירט געוואָרנ א גאנצ גרויסע פאָרלויפיקע צו

דעם צוגרייטונג, נאָר די אָרגאניזירונג פונ די וואל־באצירקנ, איז נאָכ ערגעצ ניט אָנגעהויבנ געוואָרנ. ס'איז נייטיק צוטרעטנ צו דעם אונ צוטרעטנ וואָס גיכער. דער סטאטוט וועגנ די וואלנ גיט קלאָרע אָנווײַזונגענ, ווי מע דארפ דאָס טאָנ. מע דארפ זיכ אײַלנ נאָכ אויכ דערפאר, ווײַל די צעטלענ פונ די וויילער ווערנ צונויפגעשטעלט לויט די וואל־באצירקנ. אָנ א פאָרלויפיקער אָנמערקונג פונ דעם וואל-באצירק קענ מענ ניט צוטרעטנ צונויפשטעלנ די צעטלענ פונ די וויילער. דערבײַ וועלנ די אָרטיקע סאָוועטנ האָבנ צו טאָנ ניט בלויז מיט דער טעריטאָריע פונ די באצירקנ; זיי וועלנ דארפנ טראכטנ אויכ וועגנ א געבײַדע, וועלכע מע וועט קענענ אויסנוצנ אינדערצײַט פונ די וואלנ. מיט איינ וואָרט, פראקטישע ארבעט וועט זײַנ אסאכ, ווי מע וועט זי פריִער אָנהייבנ, דאָרטנ וועט מענ אָנ סאָפעק, זײַנ בעסער צוגעגרייט צו די וואלנ.

## וועגנ די וואל־קאָמיסיעס

די צענטראלע וואל־קאָמיסיע פאר די וואלנ אינ העכסטנ ראט פונ פססר ווערט צונויפגעשטעלט פונ פאָרשטייער פונ געזעלשאפטלעכע אָרגאניזאציעס אונ פונ געזעלשאפטנ פונ ארבעטנדיקע אונ ווערט באשטעטיקט דורכנ פרעזידיום פונעמ העכסטנ ראט פונ פססר, גלײַכצײַטיק מיטנ פארעפנטלעכנ דעמ טאָג פונ די וואלנ (ארט. 34).

לויטנ זעלבנ פרינציפ ווערנ געשאפנ וואל־קאָמיסיעס פאר די וואלנ אינ נאציאָנאליטעטנ־ראט אינ יעדער פארבאנדישער אונ אווטאָנאָמער רעפובליק, אווטאָנאָמער געגנט אונ נאציאָנאלנ קרײַז. זיי ווערנ באשטעטיקט דורכ די פרעזידיומענ פונ די העכסטע ראטנ פונ די רעפובליקנ אונ ראטנ פונ די דעפוטאטנ פונ די ארבעטנדיקע פונ די אווטאָנאָמע געגנטנ אונ נאציאָנאלע קרײַזנ. זיי גיבנ אכטונג, אז עס זאָל אומאָפהענגיק אויסגעפילט ווערנ אינ גאנג פונ די וואלנ דער „סטאטוט וועגנ די וואלנ אינ העכסטנ ראט פונ פססר“, באטראכטנ די אָנקלאָגעס אפ ניט ריכטיקע האנדלונגענ פונ די וואל־קאָמיסיעס אונ נעמענ אָנ איבער זיי ענדגילטיקע באשלוסנ.

די קרײַזישע וואל־קאָמיסיעס פאר די וואלנ אינעמ ראט פונ פארבאנד אונ פאר די וואלנ אינ נאציאָנאליטעטנ־ראט ווערנ צונויפגעשטעלט פונ פאָרשטייער פונ געזעלשאפטלעכע אָרגאניזאציעס אונ פונ געזעלשאפטנ פונ די ארבעטנדיקע אינ באשטאנד פונ א פאָרזיצער, שטעלפארטרעטער פונעמ פאָרזיצער, א סעקרעטאר אונ
8 מיטגלידער. דערבײַ ווערט די קרײַזישע וואל־קאָמיסיע פאר די וואלנ אינ ראט פונעמ פארבאנד באשטעטיקט דורכ די קאנטישע אונ געגנטלעכע סאָוועטנ פונ די דעפוטאטנ פונ די ארבעטנדיקע אינ די רעפובליקנ, ווו עס איז פאראנ א קאנטישע אָדער געגנטלעכע אײַנטיילונג, אונ דורכ די העכסטע ראטנ, ווו אזא אײַנטיילונג איז ניטאָ. די קרײַזישע וואל-קאָמיסיעס פאר די וואלנ אינ נאציאָנאליטעטנ-ראט ווערנ באשטעטיקט דורכ די העכסטע ראטנ פונ די רעפובליקנ אונ דורכ די סאָוועטנ פונ די דעפוטאטנ פונ די ארבעטנדיקע פונ די אווטאָנאָמע געגנטנ.

די קרײַזישע וואל־קאָמיסיעס רעגיסטרירנ די ארויסגעשטעלטע קאנדידאטנ אינעמ־ראט פונ פארבאנד אונ אינ נאציאָנאליטעטנ־ראט, זיי באזאָרגנ די באצירקישע קאָמיסיעס מיט וואל־ביולעטענענ, זיי פירנ דורכ דאָס אונטערעכענענ די שטימענ

און זיי גיבן ארויס דעם אויסגעוויילטן דעפּוטאַט א צײַגעניש, אז ער איז אויסגעוויילט.

די קרײַזישע וואל־קאָמיסיעס פאר די וואלן אין ראט פון פארבאנד גיבן אכטונג אויסער דעם, אז עס זאָלן באצײַטנס אָרגאניזירט ווערן די וואל־באצירקן דורך די סאָוועטן און אויספירקאָמען און זאָלן באצײַטנס צונויפגעשטעלט ווערן און דערפירט ווערן צו דער אלגעמיינער קענטעניש די צעטלען פון די וויילער, שיקט פאנאנדער איבער די באצירקן די וואל־קאָנווערטן.

די באצירקישע וואל־קאָמיסיע ווערט אָרגאניזירט לויטן פּרינציפּ פון די העכערשטייענדיקע וואל־קאָמיסיעס און ווערן באשטעטיקט אין די שטעט דורך די שטאָטישע סאָוועטן, אין די שטעט מיט א ראיאָנער אײַנטיילונג דורך די ראיאָנע סאָוועטן, אין דאָרפישע ערטער דורך די ראיאָנע סאָוועטן—ניט שפּעטער ווי 40 טעג פאר די וואלן.

די באצירקישע קאָמיסיע פירט דורך אין דעם וואל־באצירק דאָס אופנעמען די וואל־ביולעטענען, דאָס אונטערעכענען די שטימען פאר יעדן קאנדידאט אפ א דעפּוטאט אין ראט פון פארבאנד און אין נאציאָנאליטעטן־ראט. באם פארענדיקן די אָפּשטימונג און אונטערעכענונג ווערט די געשעפט־פירונג איבער די וואלן איבערגעגעבן אין דער קרײַזישער וואל־קאָמיסיע פאר די וואלן אין ראט פון פארבאנד און אין דער קרײַזישער פאר די וואלן אין נאציאָנאליטעטן־ראט.

אפ דער באצירקישער וואל-קאָמיסיע איז ארופגעלייגט געוואָרן דאָס דורכפירן די אָפּשטימונג פון די וויילער. זי, אזוי צו זאָגן, שטויסט זיך אָן דירעקט זייער באָענט מיט די מאסן־וויילער און דעריבער אפ אָרגאניזירן זי און אפּן פערזענלעכן אָפּקלײַב דורך די געזעלשאפטלעכע אָרגאניזאציעס און געזעלשאפטן פון ארבעטנדיקע דארף געווענדעט ווערן א באזונדער אופמערקזאמקײַט. אלנפאלס, דארפן אין דער דאָזיקער קאָמיסיע זײַן מענטשן, וואָס זײַנען אויטאָריטעט פאר די וויילער. אזא אָפּשטימונג קומט פאָר צום ערשטן מאָל, און מע דארף זי דורכפירן מאקסימאל אָרגאניזירט, וואָס אין א גרויסער מאָס וועט עס זײַן אָפּהענגיק פון דער גענויער אָנפירונג פון דער באצירקישער קאָמיסיע, פון פּינקטלעכן אויספילן דעם געזעץ וועגן די וואלן.

## וועגן דער אָרדענונג פון ארויסשטעלן קאנדידאטן פאר דעפּוטאטן אין העכסטן ראט פון פסס"ר

דאָס רעכט ארויסצושטעלן קאנדידאטן פאר דעפּוטאטן פון העכסטן ראט פון ססס"ר איז זייער א ברייטע: עס פארווירקלעכן עס סײַ די צענטראלע אָרגאנען פון די געזעלשאפטלעכע אָרגאניזאציעס און פון די געזעלשאפטן פון ארבעטנדיקע, סײַ אויך זייערע רעפּובליקאנישע, קאנטישע, געגנטלעכע און ראיאָנע אָרגאנען, ווי אויך די אלגעמיינע פארזאמלונגען פון די ארבעטער און אָנגעשטעלטע לויט די אונטערנעמונגען, פון רויטארמייער לויט די מיליטער־טיילן, און אויך די אלגעמיינע פארזאמלונגען פון פּויערים לויט די קאָלווירטן, פון ארבעטער און אָנגעשטעלטע פון די סאָווירטן—לויט די סאָווירטן (ארט. 57).

דאָס באַטײַט, אַז די אַרבעטער, קאָלווירטניקעס און אָנגעשטעלטע האָבנ די פולע מעגלעכקײַט אַרויסצורוקנ פונ זײער סריווע אַ קאַנדידאַטור אינ העכסטנ ראַט פונ פססר. דאָס באַשטימט פאָרויס די פּערסאָנעלע באַהאַנדלונג פונ די קאַנדידאַטורנ אַפ די מאַסנ־פאַרזאַמלונגענ סײַ אינ שטאָט, אַזוי אויכ אינ דאָרפ. דאָס רעדט וועגנ דעמ, אַז דער געזעצ שטרעבט ענג פאַרבינדנ דעמ העכסטנ אָרגאַנ פונ פססר מיט די ברייטע מאַסנ פונ פאָלק.

אַלע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס און געזעלשאַפטנ פונ אַרבעטנדיקע, וועלכע רוקנ אַרויס אַ קאַנדידאַט אינ דעפּוטאַטנ פאַרנ העכסטנ ראַט, זײַנענ פאַרפליכטעט פאַר 30 טעג ביז די וואַלנ צו פאַרעגיסטרירנ אימ אינ דער אַנטשפּרעכיקער קרײַזי־שער וואַל־קאָמיסיע און דאַרפנ צושטעלנ אַ פּראָטאָקאָל פונ דער פאַרזאַמלונג מיטנ אונטערשריפט פונ די מיטגלידער פונ פּרעזידיום פונ פאַרזאַמלונג, מיטנ אָנווײַזנ זײער עלטער, וווינ־אָרט, נאָמענ פונ דער אָרגאַניזאַציע, אָנווײַזנ דאָס אָרט, די צײַט און די צאָל אָנטײלנעמער פונ דער פאַרזאַמלונג; אינ פּראָטאָקאָל דאַרפנ אָנגעוויזנ ווערנ די פאַמיליע, דער נאָמענ, דער פאָטער־נאָמענ פונעמ קאַנדידאַט, זײַנ עלטער, וווינ־אָרט, פּאַרטײיִשקײַט, באַשעפטיקונג. אויסער דעמ דאַרפ בײַגעלײגט ווערנ אַ מעלדונג פונ קאַנדידאַט וועגנ זײַנ אײַנשטימונג צו באַלאָטירנ זיכ אינעמ געגעבענעמ וואַל־קרײַז.

יעדער אָרגאַניזאַציע און געזעלשאַפט פונ אַרבעטנדיקע, וואָס האָבנ אַרויסגעשטעלט אַ קאַנדידאַט, וועלכער איז פאַרעגיסטרירט אינ דער קרײַזישער וואַל־קאָמיסיע, ווי אויכ יעדנ בירגער פונ פססר ווערט געזיכערט דאָס רעכט צו אַגיטירנ אומגעשטערט פאַר דעמ דאָזיקנ קאַנדידאַט אַפ פאַרזאַמלונגענ, אינ דער פּרעסע און מיט אַנדערע מיטלענ (אַרט. 61, 65, 70). פונ דעמ איז צו זענ, ווי עס זײַנענ ניט גרויס די פאָרמאַליטעטנ אַפ אַרויסצושטעלנ אַ קאַנדידאַט אינ דעפּוטאַטנ פונ העכסטנ ראַט און ווי גרויס עס איז די זאָרג אַפ צו זיכערנ דאָס רעכט פונ די געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס און פונ די געזעלשאַפטנ פונ אַרבעטנדיקע.

## וועגנ דער אָרדענונג פונ דער אָפּשטימונג

די וואַלנ וועלנ דורכגעפירט ווערנ אינ אַ ניט־אַרבעט־טאָג, פונ 6 אַזײגער אינדערפרי ביז 12 אַזײגער באַנאַכט.

דער טאָג פונ די וואַלנ איז דער סאַמע פאַראַנטוואָרטלעכער, ער ווערט אונטערפירנ די סאַכאַקלענ פונ אונדזער אַגיטאַציאָנעלער און אָרגאַניזאַציאָנעלער צוגרייטונג צו די וואַלנ. באַזונדערס איז גרויס די פאַראַנטוואָרטלעכקײַט, וואָס ווערט אַרופגעלײגט אַפ די באַצירקישע וואַל־קאָמיסיעס, אַפ זײערע מיטגלידער און פאָרזיצערס. די אָרדענונג פונ דער אָפּשטימונג איז אויסגעצײכנט איבערגעגעבנ אינעמ סטאַטוט „וועגנ די וואַלנ אינעמ העכסטנ ראַט פונ פססר”. עס איז וויכטיק, אַז אויספילנדיק די דאָזיקע אָרדענונג, זאָל מענ זי ניט מאַכנ אומאָנגענעמ, איבעריק פאַר די וויילער. די גאַנצע אײַנגעשטעלטע אָרדענונג שטרעבט דאָכ צו אײנ־אײנציקנ ציל—פאַרהיטנ די וויילער פונ איבעריקער אומאַנגענעמלעכקײַט, זיכערנ די געהײמקײַט פונ זײַנ

שטימענ, געבנ א מעגלעכקײַט דער גאנצער מאסע װײלער אויסדריקנ איר װילנ דורכ דער אָפּשטימונג.

יעדער װײלער קענ שטימענ נאָר פערזענלעכ, קומענדיק אינ דער געבײַדע צו שטימענ אונ אראָפּלאָזנדיק די װאל־ביולעטענענ אינ א פארכאסמעטנ קאָנװערט אינ װאל־קעסטל. די װאל־ביולעטענענ אונ דעמ קאָנװערט באקומט דער װײלער, װענ ער באװײַזט דעמ סעקרעטאר פונ דער באצירקישער װאל־קאָמיסיע זײַנ פערזענלעכנ שײַנ אונ נאָכ דער דורכקאָנטראָלירונג דורכנ סעקרעטאר, אז דער געגעבענער בירגער איז ארײַנגעטראָגנ געװאָרנ אינ װאל־צעטל לויט דעמ דאָזיקנ װאל־באצירק.

נאָכדעמ גײט ער אינ א צימער אנ איזאָלירטנ פונ אנדערע פערזאָנענ אָדער אינ א קאבינע, װאָס איז ספּעציעל צוגעפּאסט געװאָרנ אפּ צו פארפילנ די װאל־ביולעטענענ, װו ער שטרײַכט אויס די קאנדידאטורנ, װעלכע געפעלנ אימ ניט, לאָזט איבער אינ יעדנ ביולעטענ די פאמיליע פונ יענעמ קאנדידאט, פאר װעלכנ ער װיל שטימענ, לײגט ארײַנ די ביולעטענענ אינ א קאָנװערט אונ, פארקלעפּנדיק, לאָזט ער אימ אראָפּ אינ װאל־קעסטל. קענטיק, אז איזאָלירטע צימערנ אָדער קאבינעס װעט מענ דארפנ האָבנ אינ װאל־באצירק צװײ—דרײַ, כדי ניט פארציענ די רײ פונ די, װאָס שטימענ.

אזא איז אינ אלגעמײנ דער פּראָצעס פונ שטימענ. אָנפראגעס װעגנ דעמ זײַנענ דאָ אסאכ, נאָר מיר דוכט, אז דער קאפּיטל VII פונעמ „סטאטוט װעגנ די װאלנ אינ העכסטנ ראט פונ פסטר" גיט א פולנ ענטפער אפּ די אופקומענדיקע פראגעס װעגנ דער אָרדענונג פונ שטימענ, מע דארפ נאָר אופמערקזאמ דורכלײענענ דעמ דאָזיקנ קאפּיטל.

## װעגנ באשטימענ די רעזולטאטנ פונ די װאלנ

„דער סטאטוט װעגנ די װאלנ אינ העכסטנ ראט פונ פסטר" אָריענטירט זיכ אינגאנצנ אפּ די ברײטע מאסנ פונ די ארבעטנדיקע. ער איז געװענדעט צו דעמ, כדי װי מעגלעכ בעסער זיכערנ דאָס װאל־רעכט פונ די בירגער פונ סאָװעטנ־פארבאנד. דער ארטיקל 85 זאָגט, אז באמ אופעפענענ די װאל־קעסטלעכ אונ באמ אונטערעכענענ די שטימענ האָבנ דאָס רעכט בײַצוזײַנ ספּעציעל אפּ דעמ באפולמעכטיקטע פאָרשטײער פונ די געזעלשאפטלעכע אָרגאניזאציעס אונ פונ די געזעלשאפטנ פונ ארבעטנדיקע אונ אויכ פאָרשטײער פונ דער פּרעסע.

עס װערנ אנערקענט פאר ניט גילטיק די ביולעטענענ פונ ניט־אײַנגעשטעלטנ מוסטער אונ קאָליר; די װאָס זײַנענ דערלאנגט געװאָרנ אָנ א קאָנװערט אָדער אינ א קאָנװערט פונ דעמ ניט־אײַנגעשטעלטנ מוסטער; מיט א צאָל קאנדידאטנ, װאָס שטײַגט איבער די צאָל געװײלטע דעפּוטאטנ. (ארט. 90).

אפנ גרונט פונ די פּראָטאָקאָלנ, װאָס זײַנענ אָנגעקומענ פונ די באצירקישע װאל־קאָמיסיעס, רעכענענ אויס די קרײַזישע װאל־קאָמיסיעס די רעזולטאטנ פונ דער אָפּשטימונג.

די קאנדידאטנ אינ דעפוטאטנ פונ העכסטנ ראט פונ פססר, וואָס האָבנ באקומענ אנ אבסאָליוטע מערהײַט שטימענ, ד. ה., מער ווי א העלפט פונ אלע שטימענ, וואָס זײַנענ אָפגעגעבנ געוואָרנ אינעם קרײַז אונ וואָס זײַנענ אנערקענט געוואָרנ פאר גילטיקע, ווערנ גערעכנט פאר אויסגעוויילטע (ארט. 104).

נאָכנ אונטערשרײַבנ דעם פראָטאָקאָל פארעפנטלעכנ די פאָרזיצערס פונ די קרײַזישע וואל־קאָמיסיעס פאר די וואלנ אינ ראט פונ פארבאנד אונ אינ נאציאָנאליטעטנ־ראט די רעזולטאטנ פונ די וואלנ אונ גיבנ ארויס די אויסגעוויילטע קאנדידאטנ אינ דעפוטאטנ צײַגענישנ, אז זיי זײַנענ אויסגעוויילט.

מיט דעם ווערט פארענדיקט דער גאנצער ציקל פו׳ די וואלנ אינ העכסטנ־ראט פונ פססר. ריכטיקער—עס ווערט פארענדיקט דער געזעלשאפטלעכ־פאָליטישער טייל פונ די וואלנ, ווײַל די ארבעט פונ דער צענטראלער, רעפובליקאנישער אונ קרײַזישער וואל־קאָמיסיעס שטעלט זיכ נאָכ ניט אָפ. די קרײַזישע קאָמיסיעס פאר די וואלנ אינ נאציאָנאליטעטנ־ראט, אונ אויכ אינ ראט פונ פארבאנד שיקנ אוועק זייערע פראָטאָקאָלנ אינ די קאָמיסיעס פאר די וואלנ אינ נאציאָנאליטעטנ־ראט פונ די פארבאנדישע אונ אוטאָנאָמע רעפובליקנ אונ אינ דער צענטראלער וואל־קאָמיסיע. די צענטראלע וואל־קאָמיסיע רעגיסטרירט די אויסגעוויילטע דעפוטאטנ אינ העכסטנ ראט אונ די גאנצע געשעפט־פירונג פאר די וואלנ גיט זי אָפ די מאנדאט־קאָמיסיעס פונ ראט פונ פארבאנד אונ פונ נאציאָנאליטעטנ־ראט. לויט דער צושטעלונג פונ דער מאנדאט־קאָמיסיע באשטימענ די פאלאטעס אָדער אנערקענענ די פולמאכטנ, אָדער קאסירנ די וואלנ פונ באזונדערע דעפוטאטנ.

די וואלנ אינ העכסטנ ראט פונ פארבאנד לויטנ נײַעם וואל־געזעצ אפנ גרונט פונ דער סטאלינישער קאָנסטיטוציע איז א נײַער ווענד־פונקט אינ דער היסטאָרישער אנטוויקלונג פונ די פעלקער פונ פססר אונ אינ דער געשיכטע פונ דער סאָוועטישער מעלוכישער בויונג. די דעמאָקראטיזאציע פונ דער וואל־סיסטעם לויטנ פרינציפ פונ אלגעמיינעם, גלײַכנ אונ דירעקטנ וואל־רעכט בא געהיימער אָפשטימונג וועט ברענגענ אינ רעזולטאט פונ איר פארווירקלעכונג צו דער ווײַטערדיקער פארשטארקונג פונ דער פאָליטישער אקטיווקײַט פונ די מאסנ, צום ארײַנציענ נײַע שיכטנ ארבעטנדיקע אינ דער פארוואלטונג מיט דער מעלוכע. די דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט וועט זײַנ א מער בויגעוודיקע, אונ הייסט עס א מער מעכטיקע סיסטעם פונ מעלוכישער אָנפירונג פונעמ ארבעטער־קלאס מיט דער געזעלשאפט.

דער נײַער וואל־געזעצ פארקערפערט אינ זיכ א קאָנסעקווענטנ אונ ביזנ סאָפ אויסגעהאלטענעם סאָוועטישנ סאָציאליסטישנ דעמאָקראטיזמ. ער זאָגט איידעס וועגנ דער אומגעוואקלטער קראפט פונ דער סאָוועטישער מעלוכע אונ סאָוועטישנ פאָלק, וואָס איז גרענעצלאָז איבערגעגעבנ דער זאכ פונ דער פארטיי פונ לענינ־סטאלינ, דער זאכ פונ קאמפ פארנ קאָמוניזמ.

מאָטע דעכטיאַר.

# א פארלארענער קייווער

פונ טיפ האָט יענעם ווינטער אויסגעקויקלט א האַלב שטעטל. די פארפראָרענע ווינטערדיקע ערד מאכט זיכ אפ קיינ ווײַלע ניט צו. שווערע לאָמענ שפאַלטנ איר גופ אונ זי שלינגט אײַנ אזוי געלאסנ א מענטש נאָכ א מענטש.

אָט שוינ א האַלב יאָר ווי אפ דער זײַט פריפעט ארודעווענ די ווײַספּויליִשע כאַיאַליעס אונ פונ יענער זײַט פריפעט טוט אָפּט א ווייע מיט אָטעמ אונ רויכ פונ באָלשעוויסטישנ בראָנעוויק.

אַלע טאָג בײַטנ זיכ די מאכטנ.

אָט אינדערפרי פליִענ אָנ אמאַל די אייגענע, „די „גרויסע", די באָלשעוויסטישע ראַזוועדקע. אפ א ווײַלע עטעמט אָפּ א שטעטל מיט פרײַקײַט, מיט פרײַקײַט אונ מיט לעבנ.

אונ ווי נאָר עס באווײַזנ זיכ באמ וועלדל די ווײַספּויליִשע קעפּקעלעכ אזוי באַלד פאַלט אַלצ אײַנ אינעווייניק אונ אָפּגעשטאָרבנ בלײַבנ פארשטיינערט גאסנ אונ א גרויסער קרעכצ רײַסט זיכ ארויס פונ שטעטלדיקער ברוסט.

— זיי גייענ...

זיי האָבנ שוינ אַלצ צעראַבעוועט, צענומענ, צעשטאָכנ, צעבראָכנ. אונ דער הונגער סווישטשעט אינ אַלע הײַזער אונ דער טיפ שטיקט אונ מ'איז אָפּגעשניטנ פונ דער גרויסער פרײַער וועלט.

אונ אז צו קוסיִעל די לײַבע אינ שטוב האָט זיכ דער טיפ געקאָנט פארקלײַבנ איז שוינ גאָרניט קיינ גוטער סימענ. קוסיִעל די לײַבע, אָט די געזונטע, ביינ האָט דאָכ מיט וואָכנ צוריק געלאכט פונ דעמ גאנצנ שטעטל.

— טיפ־שמיפ אויכ מיר א כוואראָבע, פאראנ גרעסערע כווארא̇בעס אפ דער וועלט. מיט די גרעסערע כוואראָבעס האָט ער געמיינט גאָר פראָסט אָט די ווײַספּויליִשע שאָמפּלענ, וועלכע ער האָט שוינ פארזוכט א פּאָר גוטע צענדליק אונ האָט אזש געשפּײַט מיט בלוט.

שאָמפּלענ האָט מענ אינ קוסיִעלנ אײַנגעטיילט מער פונ אַלעמענ, ווײַל צו אַלע אומגליקנ איז זײַנ שטיבל געשטאנענ די ערשטע באמ ארײַנפאָר אינ שטעטל. אונ דעמ ערשטנ גאָסטינעצ פונ דער ווײַספּויליִשער „ראַזוועדקע" פלעגט ער כאַפּנ:

— דאָס פיר זיי ווײַזנ דעמ וועג צו די באָלשעוויקעס.

— דאָס זאָג זײ, באַ װאָסער ייִדנ איז א קאסטנ מיט גאָלד.

אונ נאָכ:

— װאָסער ייִר טראָגט ניט קײנ ציצעס אונ איז מיסטאָמע א קאָמוניסטשע.

— אפ א לײַבע װאָלט זיכ ניט פאמעסטיענ די שאָמפלענ, װאָס מע האָט קר־סיִעלנ ארײַנגעשניטנ.

אונ דער פריפעט שלאָפט אזוי אָנמעכטיק אונ קענ זיכ פונ אָרט ניט רירנ. באַ די ברעגעס שטײענ פארקאָװעט אינ אײַז גרויסע לײַבעס אונ האָנטשאקעס אונ דער שטומער פארשנײטער װאלד ארום טוט זיכ ניט קײנ ריר אונ ס׳טוט אָפט א בליצ מיט פײַער פונ באָלשעװיסטישנ בראָנעװיק, װאָס אפ יענער זײַט טײַכ, ס׳גיט א בליצ אונ עס דערװארעמט.

צי װעט ער האיאָריקנ װעסנע טרײַבנ פליטנ אפנ פריפעט? אונ בענקענ בענקט ער אזוי קוסיִעל נאָכ די לײַבעס אונ האָנטשאקעס אונ די לאנגע שאָסטנ באַ זײַנ שטוב שטײענ אונ װארטנ אונ די קאנאטנ װאלגערנ זיכ אפנ הויפ װי אפ באראָס.

אונ בענקענ בענקט זיכ אזוי נאָכנ װאסער.

אונ נאָכדעמ איז שוינ דערגאנגענ אזוי צומ הארצנ, אז ער האָט אופגעהערט צו בענקענ אונ א העלפט איז געװאָרנ פונ קוסיִעל די לײַבע. אָט די פלײצע די ברײטע האָט זיכ צונויפגעקאָרטשעט, דער פאָנעם דער שװארצער האָט זיכ צונויפ־געקליבנ װי א פויסט אונ די אויגנ, דער געזונטער קוק פונ די אויגנ איז עטװאָס מוטנע געװאָרנ.

ס׳איז פארנ װינטער פוסט געװאָרנ זײַנ שטוב. ס׳זײַנענ געשטאָרבנ פונ שרעק, פונ קרענק אונ פונ הונגער זײַנ װײַב אונ צװײ קינדער אונ פארבליבנ איז ער אלײנ מיט זײַנ 15־יאָריקנ עלטערנ זונ מיט בערלענ.

אונ א באָכערל איז ער שוינ דער בערל מיט גאנצ נישקאָשעדיקע פלײצעס. ער איז געװענ א קודלאטינקער אזא, ער האָט פארמאָגט א פאָנעם מיט גרײַפּעלעכ אונ די אויגנ זײַנענ באַ אימ געװענ אזוינע נאָענטע אונ װאסערדיקע. אריבערשװימענ דעמ פריפעט איז באַ בערלענ געװענ א שפּיל, מיט אײנ קלאפּטער איז ער אפ יע־נער זײַט פריפעט. אָט שטײענדיק אמאָל אפ דער לײַבע מיט פארקאשערטע הויזנ פלעגט זײַנ טאטע קוסיִעל א װאָרפ טאָנ אינ װאסער ארײַנ א קופערנעמ צענער אונ א הוקע טאָנ צומ זונ!

— בערל, באװײַז פאָקוס!

באלד פלעגט זיכ א קוליע טאָנ אפ אראָפּ א קודלאטער ייִנגלשער קאָפּ אונ אינ א װײַלע ארומ שטויסט זיכ ארויס פונ װאסער א נאסינקער נעפּעשל אונ טוט א געשרײ „האָפּ“! עס שטעקט אינ נאסנ ייִנגלשנ הענטל א קופערנער צענער—פאראנ, טאטע!—טוט ער א געשרײ אונ קוליעט זיכ װי א קאטשקע אפ כװאליעס.

פונ פרײד פלעגט א דראָע טאָנ קוסיִעל די לײַבע אונ עס פלעגט זיכ װיגנ זײַנ פרײד, װי די כװאליעס אפנ טײַכ.

— א בענאָק, הא?—פלעגט ער א זאָג טאָנ צו דער כאָפּטע פליטניקעס אונ לײַבע־טרײַבער, װאָס זײַנענ געשטאנענ פונקט װי ער נאסע, מיט פארקאטשעטע הויזנ.—א בענאָק, הא? אײנמאָל א פאָקוס!

— פונקט דער טאטקע!—פלעגן פליטניקעס מיט מעקאנעדיקע קעלכלעך אָפענטפערן און א שמיר געבן איבער די נאסע וואָנצן.—האלט פעלן א האָר, דער טאטקע.

אָט פאראיאָרן איז שוין בערל זײַן זון מיט אים אפן לײַבע ארויסגעפאָרן. ס׳איז געווען דאָס ערשטע יאָר, ווען דאָס פופצניאָריקע באָכערל איז ארויס מיט זײַן טאטן אפן וואסער. דעם גראָבן פלאָקן פון רודער האָט אים דער טאטע אין האנט ארײַנגעשטופט, באוויזן ווי מע דארף צעשטעלן די פיס, ווי אָנשפארן זיך מיטן ברוסט און פארזאָגט האָט ער אים אזוי פאָטערלעך און הארב.

— רוליעווע, זון מײַנער, וואסער איז דיר ניט קיין שפיל, עס בושעוועט, מע דארף אים שפאלטן דעם קאָפ, אָט אזוי, ניט שעם זיך פאר אים, אפ צולאָכעס ווילסט, טאָ נא דיר נאָך א פאטש, נאָך א פאטש, טײַערער פריפעט.

— זע, ס׳ארא ברייטקײַט, זון מײַנער—האָט ער אים א זאָג געטאָן שטייענדיק צוגעטוליעט מיט זײַן קאלטן בערדל צו זײַן יונגן פּאָנעם.—דעם גאנצן טײַך גיב איך דיר אָפּ, ער איז אונדזערער דער טײַך, די זיידעס האָבן נאָך דאָ אמאָל געשווומען, ניט איין שאָסט צעבראָכן, ניט איין קאנאט צעריסן, ניט איין פאטש פון דעם טײַך געכאפט. ער איז אונדזערער זון מײַנער, אונדזער שוויס, אונדזער בלוט.

דער רודער האָט דעם ערשטן קרעכץ געטאָן אין די פולע הענטלעך פון דעם פופצניאָריקן בערלען און געשפּאָלטן די ווילדקײַט פון וואסער. ערשטע טראָפנס שוויס האָבן אופגעשפּראָצט אפ זײַן יונגן שטערן און עס האָט געלאָפעט א נאַט אין זײַן לײַוונטענער העמד.

— אין א גוטער שאָ—האָט א זאָג געטאָן אזוי הויך און צופרידן דער טאטע קוסיעל און א בויטשע געטאָן מיטן לאנגן שאָסט דעם טיפן גרונט און האָט זיך אָנגעלייגט מיטן ברוסט ווי א בער אפ א בינשטאָק.

— הײַדא, כלאָפּצי!

אזוי שווער און פאמעלעך האָט זיך גערוקט א גרויסע לײַבע אפן טײַך, עס האָט געקרעכצט דער פריפעט.

הײַרא!

צי ער וועט הײַנטיקן ווענטע ארויספאָרן מיט זײַן זון אפן וואסער? צי ער וועט אויך אין הײַנטיקן ווענטע טרײַבן די לײַבעס און האָנטשאקעס אפ אראָפּצו קײַן מאָזיר און נאָך ווײַטער אביסל, אזש צום סאמע דניעפער?

און צו ווענטע איז שוין ניט ווײַט. עס שמעקט שוין מיט פולן טיפן וואסער. עס שמעקט שוין א גראָזיקער רייעך, עס שמעקט...

אָט באלד, באלד וועט זיך אופכאפן דער פריפעט פון שלאָף און וועט א פלייצ טאָן אזוי מיט אזא ברויז און קראפט און וועט צעשפארן די ברעגעס אפ אסאך ווי׳אָרסטן.

הײַנט זאָג זשע אים וווהין ווערט דאָס פארפאלן אפ גאנצע נעכט, בערל זײַן זון? אָט שוין א וואָך צײַט, אז ער וואָרעמט זיך ניט אָן אין שטוב, זײַן איינציקע פארבליבענע טרייסט.

— איר האָט ניט געזען מײַן בערלען?—פרעגט ער זיך נאָך ווען ער באַגעגנט און ווען ער דערזעט, און א בענקעניש שפּיגלט זיך אין זײַנע אויגן.

— מײַנ בערל האָט הײַנט ניט גענעכטיקט אינדערהײמ. איר האָט ניט געזענ מײַנ בערלענ?

אונ װעמענ ליגט עס אינ זינענ זײַנ זונ בערל. ס'איז אזוי װאָלװל געװענ א מענטש אינ יענער צײַט, װאָלװל װי גאָרנישט. אָט װי איר זעט קענ קומענ א לײַגיאָנער אונ ארויספירנ פונ שטוב אונ שיסנ אָנ קײנע טראכטעניש. אָט שיסנ גלאט אזוי!

אונ אָנ בערלענ איז ער קוסיעל װי מיט אָפּגעהאקטע הענט אונ פיס. ער זיצט אײנער אלײנ אינ שטוב אונ בא יעדנ שאָרכ טוט ער זיכ א טרײסל.

— ער גײט. אונ ס'דאכט זיכ אימ אלצ—אָט־אָט, מע גײט.

אונ בא דעמ קאלטנ אויװנ זיצט ער זיכ גלאט אזוי אונ דערמאָנט זיכ ניט װילנדיק.

ס'איז געװענ א פראָסטיקער פארנאכט אונ אינ שטוב איז אײנמאָל ארײַנגעקומענ א באָלשעװיק א ראזװעדטשיק.

— שא, האָט ער געזאָגט, ניט שרעקט זיכ, דאָס בינ איכ כאװײרימ.

מיט דעמ „דאָס בינ איכ“ האָט ער געמײנט אָנ אונדזעריקער, אנ אײגענער זײַט רויִק!

די ביקס האָט ער געהאלטנ אינ האנט װי א טײַערע זאכ, אונ ער האָט א פרעג געגעבנ מיט א פארפראָרענעמ קאָל: פאראנ עפעס א ביס טאָנ?

אָט שטײענדיקערהײט האָט ער איבערגעכאפט עטלעכע געבאקטע קאלטע קארטאָפליעס אונ נאָכדעמ באמ געזעגענענ זיכ עפעס א װונק געטאָנ צו קוסיעלס זונ צו דעמ בערלענ װי אײנער מײנט—איכ דארפ דיכ, ברודערל, נײטיק האָבנ.

ער האָט אימ באגלײט דער בערל אינ דרויסנ ארויס אונ א היפשע װײַלע זיכ פארזאמט.

אונ ער האָט נאָכדעמ אומקערנדיק זיכ גאָרנישט ניט דערצײלט װעגנ װאָס אונ װענ גערעדט מיטנ באָלשעװיק. קוסיעל האָט נאָר געזענ, אז זײַנ זונ בערל איז אזוי פרײדיק צעטראָגנ, שפרינגט אזש פונ הויט. אונ ניט געװאָלט האָט ער צו אימ צרשטײנ אונ זיכ דערפרעגנ—אפ װאָס האָט ער דיכ גערופנ דער באָלשעװיק?

אונ אינ שטעטל האָט מענ אינ יענע טעג שטילערהײט איבערגערעדט:

— אונדזערע, „די גרויסע“ האָבנ דאָ גענוג אײגענע מענטשנ. פאראנ װער עס זאָל אריבערשפרינגענ דעמ פריפעט אונ א שעפטשע טאָנ, עס האָט א װערדע, פאראנ גוטע ברידער...

אפ בערל קוסיעלס האָט קײנער ניט געגלויבט. בערלענ האָט מענ געהאלטנ פארנ סאמנ שטילסטנ ייִנגל אינ שטעטל.

* * *

אינ אײנע פונ יענע אָװנטנ, װענ קוסיעל די לײַבע איז געלעגנ אײנער אלײנ אינ א פינצטערער שטוב אונ א בענקענדיקער אלצ ארויסגעקוקט אונ געװארט (באטאָג איז אװעק זײַנ זונ אונ ניט אומגעקערט זיכ), אינ אײנעמ פונ יענע אָװנטנ װענ זײַנ הארצ איז געװענ ערגעצ װײַט, דאנ איז געװענ א פלוצלינגדיקער אָנפלי־

פונ די רויטארמייער אפנ שטעטל אונ א לעבעדיקנ באטאליאָנ לעגיאָנערנ מיט דער גאנצער אמוניציע האָבנ זיי ווי אינ א פאסטקע ארײַנגענומענ אונ פארכאפט.

אָט פארנאכט האָט זיכ דאָ צעלייגט דער ווילדער באטאליאָנ, נאָר וואָס האָבנ זיי אָפגעפרעסנ די אָנגערויבטע וועטשערע אונ געגרייט זיכ צום פארטאָג לאָזנ זיכ אינ אטאקע אפ יענער זײַט טײַכ.

נאָר פונ וואנענ פונ וואָס האָט געעפנט א מויל דער באָלשעוויסטישער בראָנעוויק וואָס אפ יענער זײַט טײַכ, געעפנט א פײַערדיקנ מויל אונ ניט געטראכט אימ פארמאכנ. געדיכטע שאָסנ האָבנ אזש דורכגעלעכערט דאָס שטעטל פונ אלע פיר זײַטנ אונ פארשפאָרט איז געווענ זיכ אָפשיסנ אונ אָפשלאָגנ. עס האָבנ א פלייצ געטאָנ בודיאָנאָוויקעס, אקוראט פונקט אינ דער ווײַלע, ווענ א באטאליאָנ לעגיאָנערנ האָט זיכ אָנגעהויבנ אפ דער נאכט צושפארנ.

נאָר טיפ אינ דער נאכט איז שטיל געוואָרנ. ס'האָט ווי אפ איבערכאפנ דעמ אָטעמ צוגעמאכט אפ א ווײַלע זײַנ פײַערדיקנ מויל דער באָלשעוויסטישער בראָנעוויק. ס'איז ווידער אָפגעשטאָרבנ דאָס שטעטל אונ דאנ האָט דער שלאָפ אײַנגעוויגט דעמ פארמאטערטנ אונ בענקענדיקנ קוסיעל די לײַבע.

ער האָט נאָר אינ שלאָפ דערפילט אנ אָטעמ פונ א גאָר נאָענטנ מענטשנ. ער האָט דערפילט א ווארעמנ אָטעמ אינ הארצנ אונ אָנגעטאפט האָט ער א באקאנטנ פארשוויצטנ שטערנ. מיט ביידע הענט האָט ער אימ ארומגעכאפט אָט די נאָענטע ווארעמע זאכ, זיכ אײַנגעקלאמערט אינ אימ ווי מיט אָפצווענגעס אונ מיט צוגעקלעפטע ליפנ צו זײַנ הייסנ שטערנ איז ער אײַנגעשלאָפנ אזוי געשמאק.

* * *

פארטאָג איז ווידער ארומ אימ קיינער ניט געווענ אונ ער איז ווידער מיט אנ אומרויִק הארצ געלעגנ אפנ בעט אונ זיכ ניט געקאָנט רירנ פונ אָרט.

— ווהינ האָט דאָס געקאָנט אהינקומענ זײַנ זונ?

— ווהינ האָט דאָס געקאָנט אהינקומענ זײַנ בערל?

קיינ פײַער האָט אינ שטוב ניט געשײַנט (די בליצנ פונ בראָנעוויק האָבנ באַשײַנט די ווענט). די לעוואָנע האָט זיכ געפוילט ארײַנקוקנ אינ פענצטער, אונ די שיטערע ציטערנדיקע שטערנ זײַנענ געווענ אזוי ווײַט פונ אימ.

מיט זײַנ הארצ איז ער אויכ געווענ ערגעצ ווײַט. מיט זײַנ הארצ האָט ער געפילט דאָס הארצ פונ זײַנ איינציקנ טרייסט, פונ זײַנ זונ בערלען.

— ווו האָט ער דאָס געקענט אהינקומענ?

— זאָל ער עפשער גאָר זײַנ בא די באָלשעוויקעס?

אָט דער פארשנייטער באָלשעוויק, דער ראזוועדטשיק האָט אימ א שווינדל געטאָנ אינ די אויגנ. אָט יענער ראזוועדטשיק, וואָס האָט פארנאכט בא אימ איבערגעביסנ א פאָר געבאקטע קארטאָפליעס.

אָט איז ער מיט זײַנ גרויענ דערפראָרענעמ שינעל, אָט טוט א בלישטשע דאָס פראָסטיקע שטערנדל אפ זײַנ קוטשמע. ער הערט, דאכט זיכ, ווי ער רעדט אײַנ דעמ זונ, — קומ מיט אונדז... מירנ גיינ... מירנ גיינ...

— חוהינ גײנ אונ נאָכ וואָס גײנ?

אויב קענג, איז האַלט מענ אים אויכ רופנ.

ער איז געלעגנ א פאַרמאַטערטער פונ טראַכטנ אונ האָט זיכ אזש באַגאָסנ מיט א קאַלטנ שווײס. א פּלוצלינגדיקער ארײַנגעריסענער ווינט אינ שטוב האָט אים אופ־ געטרײסלט. דרײַ פיגורנ זײַנענ צוזאַמענ מיטנ ווינט ארײַנגעפלאָסנ אינ שטוב. עס האָבנ גענומענ דראָענ די ווענט פונ א שווערנ טופּענ, צוויי צעהיצטע זשאַנדאַרנ מיט אָנגעשטעלטע ביקסנ האָבנ עמעצנ ארײַנגעשטויסנ אונ צום בעט ווו קוסיעל איז געלעגנ זיכ א לאָז געטאַנ ווי ווארעאטנ.

— שטײ אופ, זשידעק!

ס'האָט אים א שײַנ געטאָנ ווי א בליצ אינ די אויגנ דער יונגער הארטער פּאַ־ נעם פונ זײַנ זונ בערלען. אינ זײַנ אַלטער פאַדיאַווקעלע איז ער געשטאַנענ א דערפראָרענער אזא, אונ די שוואַרצע קודרע האָט זיכ אים געטרײסלט איבער די אויגנ אונ אָפּגעשאָטנ פונ זיכ אזא וואַסערדיקנ שטויב.

קוסיעל האָט זיכ צום זונ א וואָרפ געטאָנ מיט אזא מינ ווילדער פרײד אונ אויסגעשריענ—זונ מײַנער.

די זשאַנדאַרנ האָבנ אים מיט די פריקלאַדנ א שטורכ געטאָנ אונ ער איז ווידער געפאַלנ אפנ בעט ווי א קאַנטוזשעטער.

— פּסיאַקרעוו!

— דאָס איז דײַנ זונ?—האָבנ בײדע זשאַנדאַרנ מיט אָנגעגאָסענער רעציכע אינ קאָפּ א פרעג געטאָנ אונ געהאַלטנ אנטקעגנ די ביקסנ ווי א שטיק טויט.

ס'איז דײַנ באָלשעוויק? כאָליערא!

— מײַנער, פאַנאָטשקעס!—האָט קוסיעל מיט בײדע הענט זיכ אָנגעכאַפּט אונ זיכ ווידער א ריס געטאָנ צום זונ מיט ווילדער פרײד—מײַנער... בערעלע...

— זעגנ זיכ מיט אים אַלטער הונט—האָבנ די זשאַנדאַרנ מיט נאָכ מער רעציכע א זאָג געטאָנ, אז קוסיעל די לײַבע איז צעמישט געוואָרנ.

— באַלד, כאָליערא. וועט ער זײַנ ניט דײַנער, ער וועט שוינ וויסנ ווי צו באָלשעוויקעס גאַנוועגנ דעם פריפעט,—האָבנ בײדע זשאַנדאַרנ געהאַלטנ די ביקסנ אי צום טאַטנ, אי צום זונ...

ער איז א ווײַלע, קוסיעל, געשטאַנענ ווי פאַרלאָרנ, עס האָט זיכ געדאַכט, אז עס ברעכנ זיכ אים אונטער די פיס די אויגנ האָבנ זיכ צונויפגעגאָסנ אונ ער האָט א פּלוצלינגדיקנ פאַל געגעבנ מיט א געבעט:

— גיט מיר אָפּ דעמ זונ מײַנעם.

די פּאַדלאָגע האָט זיכ אזש א טרײסל געטאָנ אונטער אים אונ דער מאָגערער קאַלב פונ די ווענט האָט זיכ א שאָט געטאָנ.

— גיט מיר אָפּ מײַנ זונ!

א פאַרקוועטשטער פונ בײדע זײַטנ מיט פײַנטלעכע ביקסנ איז דער פּופּצניאַר־ קער קודלאַטער בערל געשטאַנענ אינ זײַנ אַלטער פאַדיאָווקעלע, אזא אומשולדיקער סמײַערער יונג. די יונגקײַט אפ זײַנ עטוואָס צעגרײַפּלטנ פּאָנעם האָט זיכ שטאַרק צעגאָסנ אינ ווי רויטע פלאַמעס פאַרבאַקט. אפ זײַנע שטײַפע געהויבענע פּלײצעס איז געלעגנ ווי א מינ שווערע מאַסע. ער האָט עס געוואָלט אָפּטרײסלענ אונ זיכ

א וואָרפ געבנ צום פאלנדיקנ דערשלאָגענעם טאטנ זײַנעם, נאָר די הענט זײַנע, זײַנענ אז הינטנ געווענ פארקלאמערט אונ אינ די אויגנ האָבנ געשטעקט די רערנ פונ פײַנטלעכע ביקסנ. אזוי ליבלעכ אונ נאָענט האָט ער א לעצטנ בליק געוואָרפנ אפ דער צעריסענער פלייצע פונ זײַנ אָרעמנ טאטנ, געקוקט א ווײַלינקע מיט א ליכטיקנ וואסערל הינטער די ברעמענ אונ ס'האָט פלוצלינג ווי א פלאצ געטאָנ זײַנ ברעמ, אונ ארויסגעשפריצט פונ דאָרטנ א הייסנ טרער, ווי אנ ארבעס.

ווענ מע האָט אימ ארויסגעפירט פונ שטוב האָט ער נאָר געהערט ווי אינ שטוב האָט עפעס א בראָכ געטאָנ אונ עס האָט זיכ ארויסגעריסנ א שווערער קרעכצ.

— זונ מײַנער!

אינ נאָענטנ וועלדל באמ פריפעט האָט מענ אינ א ווײַלע ארומ געהערט א צווייענדיקנ שאָס אונ ס'איז ווידער שטיל געוואָרנ.

פארנאכט האָט מענ געזענ דעמ אלטנ קוסיעלנ, ארומשפאנענדיק אינ יענעמ וועלדל מיט א לאָמ אינ האנט אונ עפעס געזוכט. דער צעלאָזענער פריפעט האָט גאָר נאָענט, נאָר וואָס אָנגעהויבנ בושעווענ אינ אָנהייבס פרילינג אונ אופגעריסנ זײַנ גראָבאײַזיקע הויט אונ גענומענ טרײַבנ שטיקער קריִעס אינ שטענדיקנ אומקומ...

דער אלטער קוסיעל איז געשטאנענ באמ ברעג טײַכ מיט א שווערנ לאָמ אינ האנט אונ געקוקט מיט פארטרערטע אויגנ אפנ ברויזנדיקנ וואסער אונ זיכ נאָכגעפרעגט.

— האָסט עפשער, פריפעט, געזענ דעמ זונ מײַנעמ? זאָג ווו איז מײַנ זונ אהינגעקומענ?

— מײַנ בערלענ, מײַנ זונ האָסטו דאָכ פריפעט געקענט?

דער בידנער צעברויזטער פריפעט האָט מיט ווייטעק געשוויגנ.

*
* *

אינ שטעטל דערציילט מענ, אז אינ יענעמ וועלדל באמ פריפעט האָט קוסיעל די לײַבע מיט א פרענט געשטאָכנ די ערד אונ קיינ בײַנדעלע פונ זײַנ זונ ניט געקענט געפינענ. ער טרײַבט נאָכ הײַנט לײַבעס אפנ פריפעט אונ ס'דאכט זיכ אימ אלצ, אונ ער טראכט.

— מיסטאָמע האָט דאָס וואסער מײַנ זונ אוועקגעטראָגנ?

איכ האָב אימ געזענ אָט דעמ קוסיעלנ, איכ האָב אימ געזענ אונ כ'וועל אימ קיינמאָל ניט פארגעסנ. אינ איינעמ א זומער-טאָג זײַנענ מיר געשטאנענ א גאנצע כאָפטע יאטנ באמ ברעג פריפעט, אונ געקוקט, ווי עס הוידעט שווער דאָס וואסער גרויסע געלאָדענע לײַבעס אונ האָנטשאקעס. אפ איינער א לײַבע איז געשטאנענ אינ גרויסע וואסער־שטיוול, אָנגעטאָנ אינ א געלער קאמזעלקע קוסיעל דער אלטער. ער האָט אויסגעזענ אזא ווײַסער אונ ברייטער ווי דער טאָג. דער לאנגער שאָסט אינ זײַנע הענט האָט זיכ געבויגנ אונ געשפריצט מיט וואסערדיקע פונקענ.

— רוליעווע! כלאָפטשא! האָ־האָ־האָ!—האָט ער מיט אזא קרעפטיקנ קאָל א היקע געטאָנ צו א הוילער אָפגעברענטער פלייצע פונ א יונגנ יאט, וואָס איז געשטאנענ באמ רודער אונ געפאטשט דאָס וואסער מיט א גרויסנ שווערנ עק.

זײַנ קאָל האָט זיכ אויסגעלייגט אפנ טײַכ מיט צענדליקער עכאָס אונ טויב געפאלנ אינ נאָענטנ וואלד. עס האָט געדאכט, אז מיטנ שאָסט טאפט ער נאָכ אלצ דעמ גרונט אונ זוכט אונ זוכט.

— מיסטאמ האָט אימ דאָס וואסער אוועקגעטראָגנ?

— האָ־האָ־האָ! — האָט זיכ געטראָגנ פונוויַטנ דער קאָל פונ קוסיַעל די לײַבע אונ איז פארגאנגענ אינ ווײַט, ווי עס פארגייט א זונ.

— האָ! האָ! האָ!

לאנג זײַנענ מיר געשטאנענ אפנ ברעג פונ דער היימלעכער טײַכ אונ געהערט אנ אופגייענדיקע ליד פונ וואסער־מענטשנ, א ליד, וואָס צעשפילט זיכ אינ כוואליעס אונ פארלירט זיכ.

אונ ס'איז פארשוונדנ א שווער־אָנגעלאָדענע לײַבע, צווישנ הויכע פארוואָקסענע ברעגעס ווי א ווײַטע שווערע דערמאָנונג.

---

# בושלעס

אפ דעמ סאמענ העכסטנ דעמב האָט דער בושעל זײַנ נעסט אויסגעפלאָכטנ אונ געלעבט ווי א גראפ. פונ אונטנ ארומ, אפ אסאכ קילאָמעטערס שפרייטנ זיכ גרויסע פליאמעס — פארוואָקסענע בלאָטעס. דער פריפעט לעמ טײַכ גיסט איבער אלערליי קאָלירנ אינ אלע צײַטנ פונ טאָג, הויכער טשערעט בארושט זײַנע ברעגנ אונ אסאכ אונטערגעשווענקטע ווערבעס בוקנ זיכ צומ טײַכ אונ האלטנ אראָפּ־געלאָזנ די צווײַגנ ווי זיי וואָלטנ זיכ געבעטנ:

לאָז אונדז לעבנ טײַערער פריפעט, אונדזער לעבנ הענגט אפ א האָר, לאָז אונדז לעבנ ליבער טײַכ...

אונ דער בושל פונ דער הויכ זעט דאָס אלצ, אונ האלט דאָס אימ ארנ, אזוי וואָכעדיק שטייט ער אינ זײַנ קובלע, פרוווט אלע ווײַלע די הארטקײַט פונ זײַנ שנאָבל, אונ אזוי זאט זיכ, א מעכאיע.

מיכ טשעפעט קיינער ניט, צומ דעמב איז דער פריפעט נאָכ ווײַט, איכ הער אימ אינ טראָק.

אינ קיינ קאנט אינ דער וועלט האָט קיינ איינ פויגל ניט געהאט אזא ווילטאָק ווי דער בושל בא אונדז, ווו אינ וואָסער קאנט איז דאָ אזוי פיל בלאָטעס? אזויפיל כעיונע. אָט ווי פונ טיפע קוואלנ שעפּ אונ שעפּ אונ ס'וועט זיכ קיינ מאָל ניט אויס־נעמענ קיינ פריש צאפלדיקע זשאבעס אונ שלאנגענ ווזשאקעס.

— עס, כאָטש גארטל זיכ אונטער.

אזוי וואזשנע פאמעלעכ שפאנט זיכ ארומ דער הויכער צווייפיסלדיקער גראפ איבער דעמ וואקלדיקנ זומפּ, אונטער זײַנ פארמורזעטער לאפּקע וויגט זיכ א טיפער אָפּגרונט. פאוואָליע, פאוואָליע שטעלט ער א טראָט אונ פּלוצלינג א טיצ מיטנ שנאָבל אינ טיפנ אָפּגרונט, אונ באלד זעט איר ווי ער טוט זיכ א ריס אפ ארופ מיט א גילדערנער וועטשערע אינ שנאָבל. יונגע בושלעס פאָכנ פונ די נעסטנ אונ כאפּנ בא אימ ארויס פונ שנאָבל א פריש־צאפלדיקע זשאבע.

און ארומ און ארומ אפ אסאכ נידעריקערע דעמבנ איז צעוואָרפנ א גאנצע שטאָט מיט הויכ פיסלדיקע פייגלענ, א שטאָט מיט בושלעס.

און פארגעדענקט האָב איכ נאָכ ביז הײַנט יענע שטאָט מיט די פייגלענ, וואָס האָט געשטעקט הויכ אינ הימל, ניט ווײַט פונ אונדזער שטעטל. דעמ אלטנ בושל דעמ אטאמאנ (אזוי האָבנ מיר אימ גערופנ) זע איכ אָט א לעבעדיקנ, א צאפלדיקנ, אינדערהויכ אפ אסאכ מײַלנ פלעגנ מיר אימ פונדערווײַטנ דערקענענ און אויסשטרעקנ די הענט.

— אָט אָ, טײַערינקע, ער פליט, ער טראָגט שוינ א בײַטש אינ שנאָבל. טו הא, טוהא... אטאמאנ...

און פארגעסנ וועל איכ קיינמאָל ניט יענע שטאָט מיט די בושלעס. און דעמ אלטנ בושל דעמ אטאמאנ וואָלט איכ צווישנ טויזנטער פייגלענ דערקענט.

מע זאָגט אז דער אלטער אטאמאנ איז שוינ לאנג אפ דער וועלט ניטאָ.

* *
*

אָט אינ אלע זומער פארנאכטנ, באמ זונ פארגאנג, פלעגט ער שטיינ אזא זאטער אינ זײַנ נעסט דער אלטער אטאמאנ און האלטנ גאדלעסדיק פאריסנ דעמ שנאָבל אפ ארופ און ארומ און ארומ פלעגט די גאנצע שטאָט מיט בושלעס אימ נאָכקרימענ און ס'פלעגנ שטעקנ ווי פײַפלעכ צומ הימל אָנ א שיר שנאָבלענ. לעצטע זונענ־שטראלנ ברעכנ זיכ אפ די לאנגע בושלעס ציובעס, די דעמבנ ווערנ געדיכטער און שווארצער און אפ די דעמבענע בלעטער, ווי קופערנע מאטבייעס צעגיסנ זיכ נאָכ שטיקעלעכ זונ.

גערגעטשענ, גערגעטשענ די בושלעס, פאלאָכענ, פאלאָכענ מיט די פליגלענ און בלײַבנ שטיינ אזוי פלוצלינג פארגליווערט, און ווענ דער אלטער אטאמאנ באהאלט זײַנ שנאָבל אינ נעסט, דאנ דערטרינקענ זיכ אינ ארומ אלע שנאָבלענ, עס הויבט אָנ ווערנ אפ א ווײַלע אלצ שטילער און שטילער, עס הויבנ זיכ אָנ פארוויגנ אינ שלאָפ בושלסע נעסטנ, עס שלאָפט אײַנ אזוי פלוצלינג א שטאָט מיט בושלעס. נאָר א פעדער פונ א נעסט פליט ארויס און פאלט, פאלט אזוי פאמעלעכ און ציטערדיק אפ לויזער ראָשטשינע פונ בלאָטעס.

דאנ כאפנ זיכ אופ פארטײַעטע זשאבעס און הויבנ אָנ מיט פאָרזיכטיקײַט זיכ ארומקוקנ, און הויבנ אָנ פארציִענ א קוואקעדיקנ זעמער.

אָט איצט זײַנענ זיי באזיכערט מיטנ לעבנ, עס שלאָפנ די בושלעס.

זיי רוקנ ארויס די קעפלעכ מיט די פארגלאָצטע אויגנ פונ א גליווערדיקנ טהאָם און ס'הויבט זיכ אָנ גיסנ נאָכאנאנד דער אומעטיקער קווא־קווא פונ זייערע מײַלער. אפ א גאנצער נאכט פארציט זיכ דער קווא, און מיט אנ אײַזערנעמ שלאָפ שלאָפט די שטאָט מיט בושלעס און קיינער קענ זיי ניט אופוועקנ.

לאנג האָבנ שוינ די זשאבעס צעריסנ דעמ בושלעסנ פעדער, וואָס איז געפאלנ אפ זייערע קעפ און זיי הערנ ניט אופ צו שילטנ נאָכאנאנד און אָנ אופהער — קווא־קווא־קווא!

און דער פריפעט, גאָר נאָענט, בארוישט די נאכט מיטנ שטראָמ פונ זײַנע וואסערנ, דער פריפעט פאטשט בא די ברעגנ און הוידעט געבויגענע ווערבעס ווי

לעבעדיקע באשפעניש. און ס'ליגט א פולער הימל מיט שטערן איבער א שטאָט מיט בושלעס און הויפנווייַס שיט ער גילדערנעם פערל אין פארוויגטע נעסטן.

עס שלאָפט רויִק און געשמאק דער שטילער פאָליעסער פויגל.

* * *

ווער האָט עס צעצונדן פייַערן אפ די בלאָטעס? ווער האָט עס צעטרייסלט דעם גליווערדיקן טהאָם?

— באָלשעוויקעס!

אָט אין גומענע שטיוול און אין גומענע פלאשטשן, מיט גרויסע לאָפּעטעס אפ די פלייצעס זייַנען זיי אָנגעקומען צום פארשאָלטענעם גליווער און צעבויטשעט זייַנע גרונטן. פון אסאכ שטעטלעכ און דערפלעכ האָבן זיכ גאנצע מאכנעס געצויגן צו די בלאָטעס, אייגענע גראָבעייַזנס האָבן זיי געבראכט פון זייערע היימען, פולע טאָרבעס מיט כארטש פארשטייַפט אפ די פלייצעס. פון אסאכ שטעטלעכ און דערפלעכ האָבן זיכ גאנצע מאכנעס געצויגן.

נאָכ א טאָג גראָבן די קאנאלן, נאָכ א טאָג פאראקשנטן קאמפ מיטן גליווער, שלאָפט זיכ נאָכדעם אזוי געשמאק אין ברעזענטענע פאלאטקעס, אָכ, ווי עס כראָפעס זיכ און עס כאָלעמען זיכ אזוינע נאָענטע שטייַפע כאלוימעס, עס העלט אופ אין שלאָפ:

ניט מיט שפינוועבס זייַנען הייַזער פאָליעשוקישע פארצויגן, ניט קיין קורניקעס קאָפּטשען די סטעליע, ס'בלענדט ניט באם פראסניצע א פאָליעשוקיכע די אויגן און אפן פאָל וויקן זיכ ניט די קינדער אין קייט און אין בלאָטע.

אפן טיש איז מיט א ווייַסן אויסגענייטן האנטעכ פארדעקט א גרויסער לאבן ברויט, ס'שייַנט ארויס פון אויוון א גרויסער פריילעכער שטיק פייַער, עס פישטשעס א שטיק סאלע אפ א סקאָווערעדע, און א זעטיקער רייעכ פילט אָן די שטוב און גיסט זיכ אריבער ביז איבער די ברעגן. פייַערלעכ, פייַערלעכ, פייַערלעכ. לעמפעלעכ, לעמפעלעכ, לעמפעלעכ, אפ וועגן און שטעגן. אָכ, 'סארא ברייטקייַט אפ פעלדער. עס ברעכן זיכ קאָלווירטישע „אזשעראָדן“ פון גוטס און פון שעפע.

— ווּ איז ער דער קאנט פון הונגער און טרויער?

— ווּ איז ער דער קאנט פון בושלעס און פרעש? דער קאנט פון לאָזענע פייַפלעכ.

א גאנצע נאכט ברענען פייַערן ארום די בלאָטעס, ס'ציט פון ארום מיט פייַכטן צעפרייעטן אָטעם און אין נאָרוואָס אויסגעגראָבענע פרישע קאנאלן רינט און כלירפעט אזא מין קייטיקער ברוד, דער ווייטיק פון א קאנט. עפעס שורשען בא דער נאכט די בושלסע נעסטן, די שטאָט פון בושלעס איז אופ. ס'האָט זיכ שוין לאנג געמוזט אופכאפן דער אלטער אטאמאן, אָט עס פליִען אסאכ פעדערן פון די נעסטן.

— וואָס קומט דאָ פאָר?

עס שטייט אזוי פארטראכט אפן שפיץ דעמב דער אלטער אטאמאן און כאפט אזא מין ווילדן קוק צום ווייַטן זיפ פון הימל און עס פאלט זייַנער א ציטעריקער קוק אפ דער ערד.

דער הימל איז ווי שטענדיק א הימל, נאָר אפ דער ערד איז עפעס פלוצים מאָדנע געוואָרן.

פארוואָס ברענענ דאָס אינ מיטנ דער נאכט פייַערנ אפ די בלאָטעס? פארוואָס כליופעט אזוי דאָס וואסער? פארוואָס קוואקענ אזוי שוואכ די זשאבעס?

טראכט אינ טראכט דער אלטער אטאמאנ אונ קענ זיכ צו גאָרנישט ניט דערטראכטנ.

זייַנ קליינ קעפל ווערט צעמישט, ער טוט זיכ צעמישטערהייט א הויב צום הימל אונ א פלי אינ דער נאכט אריַינ, ער דרייט זיכ ארומעט פארסוידעט איבער גרויסע צעלייגטע פייַערנ אונ וויל אזש די פליגלענ אָפברענענ.

פארוואָס קוואקענ אזוי שוואכ די זשאבעס?

אסאכ טויטע, אָפגעשטאָרבענע אויגלעכ קוקנ אפ אים ארויס פונ די צעטרייסלטע בלאָטעס אונ טוענ אים א פודזע. מיט אנ אָפענעם פארשמאכטנ שנאָבל דרייט ער זיכ לאנג ארום איבערנ פארוואָקסענעם גליוער אונ ווי ער זוכט, זוכט אינ דער פינצטער די שפורנ פונ זייַנע אמאָליקע לאפקעס.

אזויפיל יאָרנ אז ער געוועלטיקט איבער דער גליוער, אזויפיל יאָרנ ער ציט דאָ די כעיונע דער „גראפ״, דער גרעסטער פאָליעסישער פויגל.

ער דרייט זיכ ארום אלצ צעמישט אונ פאטשט, פאטשט מיט די פליגלענ ווי אנ אומרויִקער טייַוול.

— עס שטארבנ, עס גייסעסנ די זשאבעס, מיט וואָס וועט ער זייַנ הארצ דערקוויקנ?

אסאכ טויטע אויגלעכ קוקנ ארויס פונ פינצטערנ טהאָם פונ די בלאָטעס, ער טוט א דראָע דער אלטער אטאמאנ אונ פאלאָכעט נאָכ אלצ מיט די פליגלענ ווי אנ אומרויִקער טייַוול.

* * *

מע דערציילט, אז אלע הארבסט פארנ אָפפלי פלעגנ די בושלעס פראווענ דעם עמעסנ מאָלצייַט, קימאט א גאנצע כאסענע פלעגנ זיי הוליענ, דאנ, אקוראט הייבנ אָנ אייַנשלאָפנ אפ ווינטער די זשאבעס. פארנ אָפפלי פלעגנ די בושלעס זיי אופוועקנ אונ פריַינטלעכ זיכ זעגענענ מיט זיי.

— מיר וועלנ נאָכ קומענ, מיר וועלנ זיכ נאָכ זענ טייַערע פריַינט, האָט אייַכ א זיסינקנ שלאָפ.

אפ גאנצע דריַי טעג פלעגנ די בושלעס אָנטראָגנ א זאפאס מיט מייַכאָלים אונ דריַי טעג נאָכאנאנד עסנ אונ ווארפנ שטיקער פונ דער הויכ.

אונ דערנאָכ פלעגט א טשאטע פייגלענ פארשטעלנ דעם הימל אונ אוועקציִענ אינדערווייַט א לאנגנ שנירל, אונ פאָרויס פלעגט שטענדיק פליִענ דער אלטער אטאמאנ, דער יאכסנדיקער בושל.

אָפגעשטאָרבנ, פארלאָזנ פלעגנ בלייַבנ שטעקנ אינ הימל בושלסע נעסטנ, א גאנצנ האלב יאָר וועט קיינער צו זיי ניט קומענ, קיינער וועט גאָרנישט ניט ברענגענ צעטראָגנ. אינ פארבליבענע פעדערנ הויבט זיכ אָנ טוליענ דער הארבסט אונ מיט א זשאווערדיקנ הייַטל ווערט פארצויגנ דער ארומ.

שא אונ שטיל איז אינ דער שטאָט פונ בושלעס, קיינער קומט ניט צופלייַענ, קיינער ברענגט גאָרנישט ניט צוטראָגנ.

נאָר אײנ הארבסט האָבנ די בושלעס קײנ מאָלצײַט ניט געפּראַוועט (ס'איז זײ אינ קאָפּ ניט געלעגנ). מע האָט ניט געהולעט קײנ כאַסענע אינ דער פוּיגלשער שטאָט. ווי אָפּגעזונדערט פונ אַלעמענ איז געשטאַנענ פּאַרומערט דער אַלטער אטאַ-מאַנ אונ געהאַלטנ לאַנג דעמ שנאָבל אַפּ אראָפּ. נאָר צומ הימל האָט ער געשיקט דעמ אומעט פונ זײַנע אױגנ, דער הארבסטיקער הימל האָט אימ מיטגעפּילט אונ פּאַמעלעך צוגעקאַפּעט.

ער האָט נאָכדעמ אַזוי לאַנג ארומגעשוועבט ארומ די אַמאָליקע אַלטע ערטער, געזוכט די מאָכיקע קוסטעס, דעמ גליוער פונ די בלאָטעס.

ס'איז שוינ לאַנג צײַט צו אָפּפליִענ אונ ער דרײט זיך נאָך אַלץ ארומ אונ זוכט אונ שנאָרכט, ער טוט א שטעל א פּיסל אַפּ די אַמאָליקע וואַקלדיקע ערטער אונ טוט אַזש א ציטער, ער טרײסלט אָפּ די זאַמד פונ די לאַפּקעס, טוט זיך א ריס אַפּ ארופּ אונ טוט זיך ווידער א לאָז אַפּ אראָפּ אונ נאָכאַמאָל א פּרוּוו מיטנ לאַפּקע אונ טרײסלט אָפּ מיט קאַעס דעמ טרוקענעמ זאַמד.

— עפּעס צו הארט דער באָדנ אונטער אימ. פאַרוואָס וואַקלט זיך ניט?

ער טוט א שנע: מיטנ שנאָבל אַפּ אראָפּ אונ ציט אימ ארויס, א טרוקענעמ מיט א קערנדל אינ שפּיצ. ער שפּײַט אויס דאָס קערנדל אונ קוקט מיט רעציכע, אונ באַלד ווידער א כאַפּ דאָס קערנדל אונ פאַרשאַרט אימ מיט דער לאַפּקע.

פונ דער שטאָט פונ די בושלעס דערטראָגט זיך א קלאַפּעניש פונ די שנאָבלענ, א פּאָלאָכענ פונ פליגלענ אונ א ווילדער געראַגעטשענ.

— צײַט צו אָפּפליִענ אטאַמאַנ!

— זאָג דו פליסט, אטאַמאַנ, צי דו פאַרבלײַבסט. מיר קאָנענ אָנ דיר אויכ—טור-ריק! טורוק!

דער אטאַמאַנ דרײט זיך נאָך אַלץ ארומ צווישנ הויכע צינוּיפגעלײגטע סקירדעס מיט גוטס. אונ פאַרלאָרנ האָט ער זיך צווישנ קופּעס זעטיקײַט אונ אויסגעזוגנ אַזאַ קלײנטשינקער אונ נעבעכדיקער. עס זײַנענ אַפּ אימ ווי לעבעדיקע געגאַנגענ די סקירדעס, טרײסלענדיק מיט גאָלדענע זאַנגענ אונ א זעטיקער רײעך פונ קאָרנ אונ װײצנ האָט געשפּאַרט פונ ארומ אונ פאַרשיקערט.

אַפּ זײַנ אַלטער נעסט איז ער נאָכדעמ געשטאַנענ א וואַקלדיקער אַזאַ אונ גע-שיקט נאָך אַלץ אינ הימל דעמ אומעט פונ זײַנע אויגנ, א הארבסטיקער ווינט האָט געטרײסלט די קרײנ פונ אַלטנ דעמב אונ אומגעוויגט דעמ נעסט מיט דעמ בושעל. אונ ס'האָבנ געקרעכצט געקרעכצט דעמבענע צווײַגנ אונ אָפּגעשאָטנ הויפנסווײַס פאַרגעלטע בלעטער אונ געשאָסנ מיט זשאָלודעס אַפּ אראָפּ ווי מיט שראַפּנעלנ. אונ עס פאַלט, פאַלט פונ דער הויך א פעדער נאָך א פעדער אונ עס פאַלט...

אונ אינ הארבסטיקנ הימל האָבנ יונגע בושלעס סײַוויסײַ א שנירל געצויגנ אונ געלאָזנ רוישנ אינ הארבסט דעמ פּאָך פונ זײערע פליגלענ אונ ווי בלימלעך זײַנענ געפאַלנ אַפּ אראָפּ ווײַסע בושלסע פעדערנ.

ס'איז געווענ דער ערשטער הארבסט, ווענ צווישנ דער גרויסער טשאַטע בוש-לעס האָט געפעלט דער אַלטער אטאַמאַנ.

מ. כאשטשעװאצקי

# אינ בירעבידזשאנ

.1

גאנצפרי, בא דער זונ גײט די פינצטער אװעק
טראָט בא טראָט, טראָט בא טראָט, אונ דאָס לאנד װערט אנטפלעקט
מיט די בערג, מיטנ װאלד, מיט דער לאָנקע אונ פעלד,
מיט די מענטשנ אינ מי, מיט מאשינענ אינ װעג,
מיט געזאנגענ פונ זעג, מיט געקלאנגענ פונ העק,
װערט צעעפנט דאָס לאנד אונ א ליכטיקײַט קװעלט—
אלע טאָג װערט באנײַט דאָ געשאפנ די װעלט...

.2

מיר האָבנ זיכ אײנמאָל אינ מאָסקװע באגעגנט
אונ איצטער אָט דאָ, אינ דער יידישער געגנט
אונ בײדע ניט היגע, אונ בײדע פונ װײַטנ—
מיר זײַנענ פארליבט אינ דעמ קאנט דעמ באנײַטנ.

מיר האָבנ דאָ ערטער געזענ שוינ געװיסע,
געזענ דעמ אמור אונ די געגנט אביסל,
אונ אײנער דעמ צװײטנ זיכ אײַלט צו דערצײלנ,
פונ אלצ, װאָס געפעלט אונ װאָס איז ניט־געפעלנ.

מיר זיצנ אָט איצט אפנ הױכנ באלקאָנ
אונ די זונ איבער אונדז אינ דער הױכ װי א פאָנ
אקעגנ אונדז טױקלענ זיכ בארגישע הױכנ
אונ ס'װיקלענ זיכ װאָלקנס אפ זײ װי די רױכנ.

זיי קומען באנאכט ווי די שעפסן אהער,
זיי נעכטיקן דאָ אין די שפאלטן פון בערג
איצט טרײַבט זיי די זון און זיי קאָנען ניט שטרײַטן,
זיי הייבן זיך פויל און זיי טראָגן זיך ווײַטער.

פון רעכטס און פון לינקס איז צעוואָרפן דער יישעוו
און שטיבעלעך נײַע מיט אלטע זיך מישן,
און גערטנער ארום אָט די שטיבלעך באניצן
ווו זון־רויזן הייבן די גאָלדענע מיצן,
און ווײַטער אין פעלד שטייען סנאָפּעס אינמיטן—
עס האָבן דאָ יידן געאקערט, געשניטן.

ס'איז שטיל און ס'איז קלאָר, מיטאמאָל גיט א קנאל
דאָס רײַסט מען אין טײַגע דעם אמאָנאל,
און ס'פליִען דאַרט פניאָקעס ארופ מיט די צווײַגן,
און ס'טרעט אָפּ אין שרעק פאר די מענטשן די טײַגע.

.3

לויפט ארופ די מאשין אפן בארג מיטאמאָל
און ביסט גלײַך פון דער טײַגע געפאנגען,
איז ניטאָ בירעקאן, און די באן, און דער טאָל
וואלד און וואלד ביז די בליקן דערלאנגען.

ווייסן צעדערס קיין האק און די טאנען—קיין זעג,
א שטאָלצקעפּיק־פּילשפראכיקע מענגע.
וואלד און וואלד, אָן אן עק און אינמיטן דער וועג,
ווי א שמאָלע געפלאָנטעטע סטענגע.

לויפט דער וועג אויף און אָפּ און א שפרונג און א זינק,—
האלט זיך פעסט אין די באָרטן פארקלאמערט.
נאָר ווער טראכט וועגן וועג, אז פון רעכטס, אז פון לינקס
זיך צעגאָסן א וואלדישער יאם האָט.

יאָ, א יאם און א ברעג. און דער יאם איז פארשטילט
און פארטיפט איצט אין שטורמישן שווײַגן.
נאָר דו פילסט אין דער שטיל, ווי ער ברויזט, ווי ער ברילט,
ווען ס'צעראשן זיך כוואליעס פון צווײַגן.

אונ באנײַס פליט דער וועג אופ אונ אָפ, הינ־אונ־הער,
יאָגט אפ שמאָלע, אפ בארגישע זוימענ,—
אונ עס דאכט—דער שאָפער גיט די האנט נאָר א קער,
פליסטו גלײַכ קאָפ אראָפ אינ די טהוימענ.

נאָר דער יונג בא דעם רודער וואָס זיצט, איז געניט
לייגט קיינ אכט אפ דער טײַגישער שיינקײַט,
אונ דו ווייסט—פרי צי שפעט, כאָטש צעטרייסלט אונ מיד,
נאָר ער וועט קיינ קולדור דיכ הײַנט ברענגענ.

---

ש. גאָדינער

# די סאמע ייִנגסטע פאָנ

## 1. דאָס גרינע שטעטל פעקעליק

צווישנ הויכנ ברעג פונ קליינעמ טײַכל „דער בלויער אָדער“ אונ שווארצנ וואלד, אפ דרײַ גרינע בערגלעכ ליגט צעוואָרפנ דאָס אלטע שטעטל פעקעליק.

דער „בלויער אָדער“ שלענגלט זיכ ארומ שטעטל, מאכט צוויי שלייפנ מיט א קניפל אונ ציט זיכ אוועק אינ טיפנ שווארצנ וואלד ארײַנ.

דער שווארצער וואלד,—ווי ער הויבט זיכ אָנ גלײַכ אונטערנ שטעטל, אזוי ציט ער זיכ שוינ אוועק ביז אפ יענער זײַט מײַרעוו-גרענעצ.

זינט מענטשנ וווינענ דאָ אונ געדענקענ איז אינ די היגע קאנטנ א קורצער, שארפער ווינטער אונ א לאנגער, הייסער זומער, אונ דער גאנצער ארומ איז אייביק פול מיט גרינסנ אונ פארביקע קווייטנ.

פאראנ אינ שטעטל א זעג-מיל, צוויי בעקערײַענ, א שלאכט-הויז, אנ עלעקטראָסטאנציע, א קינאָ, פינפ קלובנ, א דעפאָ, צוויי טריקאָטאזש-פאבריקנ אונ ארטעלנ, ארטעלנ—שוסטערשע, שנײַדערשע, בלעכערשע, שלאָסערשע; פאראנ קאָאָפעראטיווע קראָמענ, פאראנ שולנ, פאראנ א פארטיי-קאבינעט אינ דער רויטער שטוב, פאראנ א ראט אינ גרויסנ, ווײַסנ מויער מיט קאָלאָנעס. פאראנ א גרויסער אָטריאד פיאָנערנ, פאראנ רויטארמייער—די מײַרעוו-גרענעצ איז גאָר ניט ווײַט—אלע מענטשנ אינ שטעטל ארבעטנ מונטער אונ פריילעכ אינ דער זעג-מיל אונ אינ די שולנ, אינ די בעקערײַענ אונ קינאָ, אפ די ארומיקע קאָלווירטישע פעלדער אונ אינ די קאָאָפעראטיווע קראָמענ, אינ דעפאָ אונ אינ די קלובנ, אפ דער עלעקטראָסטאנציע אונ אינ די ארטעלנ, אונ, אויב אָפשטעלנ יעדנ ערשטנ בעסטנ מענטשנ פונ שטעטל פעקעליק אונ פרעגנ בא אימ:—ווי גייט עס אײַכ? וועט ער מיט א פריילעכנ שאָקל מיטנ קאָפ ענטפערנ: נישקאָשע, גאנצ גוט, עס וועט זײַנ נאָכ בעסער, איצט ווענדט זיכ שוינ עס אָנ אונדז אליינ...

אונ, פארשטייט זיכ, פאראנ נאָכ אינ שטעטל אלטע לײַט, וואָס גייענ אינ שול אונ אינ קלויסטער, אונ, ווענ מענ זאָל גאָר גוט אכטונג געבנ, קאָנ מענ אמאָל געפינענ אינ שטעטל א מענטשנ, וועגנ וועלכע עס איז שווער צו זאָגנ ווער ער איז, פונ וואנענ איז ער געקומענ אונ וואָס איז זײַנ באשעפטיקונג דאָ.

אפ איינער פונ די זעקס שענערע גאסנ,—אבע־מויער־גאס,— אנ אָנדענק נאָכ א געפאלענעמ אינ בירגער־קריג היגנ העלד,—שטייט א קליינ שטיבל. דרײַ ווײַסע ווענט, פיר גרינע לאָדנס, א רויטער דאכ, א קליינער גאָרטנ פונ הינטנ, א פיצל סעדל פונ פאָרנט. דאָ וווינט אוורעמל דאָווידס—א טעסלער, וואָס אָט ארבעט ער גאנצע האלבע יאָרנ אינ די גרויסע שטעט אונ אפ די נײַ־בויונגענ, אונ אָט קומט ער אפ ווינטער אהיימ אונ זיצט אויכ ניט אָנ ארבעט—דאָ א שטוב, דאָרט א שטאל פאר א קאָלווירט, דאָ א קאָרפוס פאר אנ אויסגעוואקסענעמ ארטעל—קיינ ארבעט פעלט ניט. דאָ וווינט אויכ זײַנ מישפּאָכע—א מיטליעריקע פרוי מיט א פּאָר גרויסע שווארצע צעפּ, וואָס זי פארלייגט זיי אפנ שפּיצ קאָפּ, אפנ שרונט פונ איר שײַטל, א פּאָר קינדער—פריידקע אונ לייבל.

ווענג שטעטל דערציילט מענ, אז עס שטייט שוינ טויזנט יאָר אונ אז אמאָל איז דאָ געווענ א ווולקאנ. אינ יענע צײַטנ זײַנענ די מענטשנ געווענ זייער פינצטערע אונ זיי האָבנ דעמ ווולקאנ אָנגענומענ פאר א טיר אינ גענעמ. האָבנ זיי א נאָמענ געגעבנ דאָס שטעטל—פּעקעליק.

אינ שטעטל געדענקט מענ דאָס שווידערלעכע נײַנצנטע יאָר, ווענ א העלפט מענטשנ זײַנענ דורכ כהעדערענקעס באנדעס פּאָשעט אויסגעשאָכטנ געוואָרנ. אָבער ניט א פרעג א פּעקעליקער ווענג יענעמ בלוטיקנ יאָר, וועט ער אײַכ ענטפערנ:

— יאָ, דאָס איז געווענ א בלוטיקע צײַט! מיר האָבנ זיכ געשלאָגנ אפ לעבנ אונ טויט!

אונ דאָס איז נעענטער צומ עמעס איידער די נאקעטע פּאָגראָמ־בילדער, ווײַל די הונדערט פופציק ייִדישע פארטיזאנער מיט אבע מויערנ אינ דער שפּיצ האָבנ געהאט א גוטנ שעמ אינ דער יונגער רויטער ארמיי. אונ אלע יאָרנ נאָכנ נײַנצנטנ, אינ יעדער שארפער מינוט, האָבנ די פּעקעליקער געוועזענע ייִדישע פארטיזאנער געקלאפּט טעלעגראמעס צו קלימ וואָראָשילאָווג אונ ווי אנ אלטנ פרײַנט אונ קאָמאנדיר האָבנ זיי אימ געגעבנ צו וויסנ: רופ אונדז, מיר זײַנענ גרייט שלאָגנ דעמ סוינע איבערנ קאָפּ.

יעדנ פרילינג קומט מענ אינ פּעקעליק אפ דאטשעס. מע קומט אויכ צו אוורעמל דאָווידס. זײַנ מישפּאָכע איז זייער א גרויסע. די היגע קינדער מיט די געקומענע קינדער כאווערנ זיכ גלײַכ שטארק צונויפ. מע דערציילט די מײַסע ווענג דער טיר אינ גענעמ. די היגע פירנ די געקומענע אינ וואלד אונ ווײַזנ זיי א הייל, פול פארוואלגערטע מיט אלטע טרוכליאווע וואָרצלענ פונ געשטאָרבענע ביימער.

— אָט דאָס איז עס. אָבער דאָס איז אנ אויסטראכטעניש,—זאָגט פריידקע.

צוויי צענדליק שפּאנ פונ דער הייל ליגט דער ברודער־קייווער פונ די אומגעקומענע פארטיזאנער. דאָ ליגט אבע מויער מיט זײַנע געפאלענע כאווײרימ. אינ טיפנ גרינעמ וואלד בליט א היפשער בערגל. רויזנ־זשאסמינענ, פלאמעדיקע פּיאָנענ, בלויע „ניט פארגעס מיכ“־בלימעלעכ באפּוצנ דעמ היפשנ בערגל פונ פּעקעליקער ברודער־קייווער.

דאָ פארהאלטנ זיכ די קינדער אביסל לענגער. די היגע דערציילנ די געקומענע די העלדנטאטנ פונ די געפאלענע קריגער אונ דער וואלד ווערט פול מיט רײַטער,

און די שלאַכט צעפלאַקערט זיכ, און די קאַנאָנאַדע קוילערט זיכ פונ עק צו עק און טרייסלט אופ די גאַנצע וועלט, און די ריטשקעלעכ, וואָס שלענגלענ זיכ אינ גרינעמ גראָז ווערנ פול מיט בלוט און אָט קומט א גאָר־גאָר שווערע און טרויעריקע מינוט—פונ אַלע זײַטנ ווערנ די רויטע ארומגערינגלט דורכ די ווײַסגווארדייער און באַנדיטנ, זיי שלאָגנ זיכ טאַקע, ווי די לייבנ און יעדער רויטער רײַטער לייגט אוועק אפנ אָרט צענ ווײַסע און צוואַנציק באַנדיטנ, אָבער אז זיי זײַנענ הונדערטס מאָל מער, טויזנט מאָל מער, און עס דוכט זיכ שוינ טאַקע אויס, אז שוינ, אַלצ איז שוינ פאַרפאַלנ, די רויטע ווערנ באַזיגט, נאָר דאָ דערהערט זיכ א טופעניש פונ פערד און א הילכ פונ א טרומייט און א הורא־געשריי, ווי א דונער שטאַרק, דאָס קומט צוהילפ אַבע מויער מיט זײַנ אָטריאַד און די רויטע זיגנ.

— אזוי אוואַדע טויזנט מאָל איז ער געקומענ צו הילפ,—דערציילט לייבל,—און שטענדיק פונקט צו דער מינוט, ווענ מענ האָט עס באַדאַרפט, ביז מענ האָט אים איינמאָל אזוי ארומגערינגלט פונ אַלע זײַטנ און אוועקגעלייגט דאָ אפ דעמ אָרט.— ווײַזט ער אפנ הויכנ בערגל בונטע רויזנ און פלאַקערנדיקע פּיִאָנען, באַזוימטע מיט א בלוי שנירעלע פונ „ניט פאַרגעס מיכ"־בלימעלעכ.

דערנאָכ פירנ זיי אוועק די געסט טיפער אינ וואַלד נעענטער צומ טײַכל, אינ די סעדער, צו די גערטנער. עס כאַפּט זיי ארומ א געדיכטער גערוכ פונ יאַגעדעס, בלוטענ, גראָזנ, געוויקסנ. אפ זייערע נאַקעטע קעפּלעכ און אַקסלענ גיסט די פּעקעליקער זונ אָנ אופהער וואַרעמקײַט און שײַנ.

## 2. אורעמלס פאָרל

אורעמל דער טעסלער האָט צוויי קינדער: לייבל און פריידקע.

לייבל האָט ליב אינ די אָוונטנ זיכ ארופכאַפּנ מיט די קני אפ א שטול, זיכ אָנשפּאַרנ מיט די עלנבויגנס אָנ טישל, אונטערשפּאַרנ די לינקע באַק מיט א האַנט, צופּנ מיט דער רעכטער האַנט דעמ העלנ טשובל און לייענענ, לייענענ.

דער לאָמפּ באַשײַנט דעמ ריכטיקנ אָוואַל פונ זײַנ פּאָנעם, די אויגנ־דעקלעכ איבער די גרויסע, בלויע אויגנ זײַנענ עטוואָס אראָפּגעלאָזט, די ליפּנ באַוועגנ זיכ קעסיידער, אָט שטשימענ זיי זיכ שטרענג צונויפ, און אָט ציִענ זיי זיכ אויס אינ א שמייכל, אָט זײַנענ זיי גאָר רויִק, און אָט גיט ער פּלוצלינג א הילכיקנ לאַכ, אָט שפּרינגט ארופ די קאַצ צו אימ אפנ טיש און רײַבט זיכ מיט א זײַט אָנ זײַנ האַנט, אָט גלעט ער זי, ניט אָפּרײַסנדיק די אויגנ פונעמ ביכל, און אָט איז שוינ זײַנ פּאָנעם ווידער שטרענג און דער שטערנ פאַרקנייטשט.

ער האָט ליב אינדערפרי אופשפּרינגענ פונ זײַנ געלעגער מיטאַמאָל, גלײַכ נעמענ זיכ מאַכנ די פיזקולטור־איבונגענ, גלײַכ דערנאָכ א נאַקעטער ביזנ גאַרטל באַגיסנ דעמ קאָפּ מיט קאַלטנ וואַסער און אויסרײַבנ די פּלייצע און ברוסט מיט א נאַסנ, קאַלטנ האַנטוכ, און דערביַ שרײַענ:

— פריידקע, שטיי אופ!

ער האָט ליב גוט צעקײַענ די דינע פּעניצלעכ ברויט „מיט עפּעס" און ניט איבערלאָזנ קיינ ביסנ נאָכ זיכ.

ער האָב ליב דעם וועג צו דער שול. דאָ איז פאראנ איינער א נידעריקער פּלויט, דער אנדערער—א העכערער; א זשערדע הענגט איבער א גראָבנדל, א שמאָלע קלאדקע ליגט איבערנ גראָבנדל, די פּלויטנ שפּרינגט ער אריבער פריִער אָנשפּארנדיק זיכ מיט ביידע הענט, דערנאָכ מיט איינ האנט, דערנאָכ גאָר אָנ הענט, פונ פאנאנדעריאָגנ, דערנאָכ פונ אָרט. דאָס זעלבע איז מיט דער זשערדע: פריִער גייט ער אריבער מיט אויסגעצויגענע הענטלעכ אינ די זײַטנ, דערנאָכ מיט די הענטלעכ פאָרויס, דערנאָכ — מיט די הענט אינ די קעשעניעס. דאָס זעלבע איז מיט דער קלאדקע.

ער האָט ליב זומער שווימענ אינ טײַכ און פייגעלעכ כאפּנ אינ וואלד. די פּיי־געלעכ ברענגט ער א גליקלעכער אהיימ אינ זײַנע טרוקענע הויפּנס, מישט אופ אינ זײַנ גראָבנ אלבאָם, וואָס ער האָט זיכ אליינ געמאכט, דאָס געפארבטע בילדל פונ געכאפּטנ פייגל, פארגלײַכט—די גרויס, די קאָלירנ פונ די פעדערנ, די אויגנ, די פליגלענ, דעם עק; מיט קאָלירטע בלײַערס פאריכט ער עפּעס אינ געמעל, אויב מענ דארפ פאריכטנ. דערנאָכ צערט ער אָנ דעם געכאפּטנ פייגל מיט ניסלעכ אָדער מיט יאָדער, אָדער, אינ א שווערער צײַט, מיט גרויפּנ, גיט זיי טרינקענ עפּעס א זיסנ וואסער, שטעלט אימ אוועק צו זיכ אפ דער דלאָניע און ווי א קאָמאנדיר באפוילט ער:

— פלי אהיים, פּילאָט!

און מיט א געמאכטער פויגלשער שטימ ענטפערט ער זיכ אליינ:

— פאראנ, א פלי אהיים!

און ווײַט־ווײַט קוקט ער נאָכ דעם אוועקגעפלויגענעם פויגל.

ער איז דער ערשטער באהעלפער באמ פערטלענ און אכטלענ א פּראָש און ער קאָנ גוט די דאָזיקע כײַע.

ער איז אלט די קנאפּע דרײַצנ יאָר און איז פאראיאָרנ אריבער אינ זעקסטנ קלאס, קימאט מיט א פּרעמיע — די דיסציפּלינ איז געווענ ווייניק—באפרידיקנדיק. באוויירים קלײַבט ער זיכ שטענדיק אויס, אָבער גוט לעבט ער מיט אלע באקאנטע ייִנגלעכ.

טרעפט זיכ צײַטנ, ווענ לייבלענ ווערט מיטאמאָל לאנגווײַליק. דעמלט טוט ער עפּעס אָפּ.

איינמאָל, אפ א פּרווו אינ פיזישנ קאבינעט מיט די „מאגדעבורגער האלבקײַ־לעכנ" נאָכדעמ, ווי ער דערקלערט אויסגעצייכנט דעמ געזעצ וועגנ לופט־דרוק און ווענ דער לערער איז נאָכ פארנומענ מיט געבנ דערקלערנ דעמ געזעצ א פּאָר קינ־דער, וואָס האָבנ נאָכ ניט אינגאנצנ באנומענ פארוואָס מענ קאָנ די „שיסלענ" ניט צערײַסנ, שטעלט ער איבער אומבאמערקט די רערנ פונ דער פּאָמפּע, גיט א טרײַב אביסל לופט אינ די צונויפגעקלעפּטע האלב־קײַלעכנ, און דער לערער מיט די קינ־דער, וואָס האלטנ זיכ בא ביידע זײַטנ שיסלענ און רײַסנ זיי, פאלנ אומגעריכט אוועק אפ דער ערד. די קינדער שיסנ אויס א געלעכטער, דער לערער הויבט זיכ אופ א רויטער פונ דיל, שטויבט אָפּ פונ זיכ די הויזנ און גיט א קוק אפ די רערנ מיט דער פּאָמפּע.

— דו האָסט א טאָעס געהאט, לייבל?—פרעגט ער בא אים.

— ניין,—ענטפערט לייבל, רויט ווערנדיק.

— הייסט עס, אז דו האָסט עס געטאָן אומישנע?

— יאָ.

— זייער שלעכט. צו וואָס האָסטו עס געטאָן?

— מיר איז איינגעפאלן, אז עס וועט זיך אופהויבן א גרויס געלעכטער, ווען די שיסלען וועלן זיך צעפאלן און אויך די קינדער.

— און וואָס וויַיטער?

— און... איך האָב זיך ניט געקענט איינהאלטן.

— דעריקער האָסטו דאָס געמיינט דעם לערער: אזא גרויסער, אזא אלטער, און פלוצלינג—פליוך אף דער ערד, אף אלע פיר. יאָ?

— ניין.

— וואָס זשע האָסטו געמיינט שטערן דעם לימעד? וואָס פּאָרקען זיי זיך ארום דאָרט, הייסט עס, מיט אזא פּראָסטער זאך? מיר איז שוין אלץ פארשטענדלעך. לאָמיר נעמען און איבעררייַסן מיט אזא מין געלעכטער דעם לימעד. יאָ?

— ניין.

— און וואָס האָט זיך באקומען אינדערעמעסן? דער לערער האָט זיך יאָ א פליוכע געטאָן אף דער ערד אף אלע פיר, דער לימער איז איבערגעריסן. אָט קלינגט מען שוין די האפסאָקע. דו האָסט עס געוואָלט?

— ניין.

— הייסט עס, אז דו האָסט געטאָן ניט דאָס, וואָס דו האָסט געוואָלט. יאָ? — שטרייַכט שטארק אונטער דער לערער.

— יאָ. איך האָב דאָס פריִער ניט פארשטאנען.

דער לערער גיט א שמייכל און גייט ארויס פון קלאס. די קינדער באגלייטן אים מיט דאנקבארע בליקן. פון דער האפסאָקע האָט ער אָפּגענומען ניט מער, ווי איין אלבע מינוט. אן אנדערער וואָלט אזוי געטייַנעט א גאנצע שאָ און וואָלט אין שורנאל פארשריבן און וואָלט דעם גאנצן קלאס געזידלט. אויס דאנקבארקייַט צום לערער רעדן אלע ייִנגלעך קיין וואָרט ניט אויס מיט לייבלען אין דער האפסאָקע, און לייבל פילט זיך א האלבע שאָ זייער איינזאם.

די שוועסטער זייַנע, פריידל, איז עלטער פאר אים אף אָנדערהאלבן יאָר. זי איז ווין אריבער אין זיבעטן קלאס. דער זעלבער אָוואל, די זעלבע אויגן, נאָר מיט א פּאָר קאשטאנעווע צעפּלעך פון ביידע זייַטן. זי האָט אויך ליב לייענען שטייענדיק אף די קני און זי קאָן די גאנצע וועלט אף אויסווייניק—אלע מעלוכעס, שטעט, איינדזלען, טייַכן, יאמים, אָזערעס, וועלדער, טייַגעס און טונדרעס. אָבער לייבל האלט, אז זי איז א פוילע און א בארימערקע. פאר די פעקעליקער קינדער האָט זי זיך, לעמאָשל, בארימט, אז פאראיאָרן, ווען זי איז געווען צוגאסט אין מאָסקווע, האָט דער פעטער אירער גענומען זי אף א פארזאמלונג, וווּ אָטאָ יוליעוויטש שמידט האָט דערציילט, וויִאזוי זיי זייַנען געזעסן אפן צאָפן־אייַז.

— געווען אסאך קינדער דאָרט,—האָט פריידקע דערציילט,—און שמידט האָט געפרעגט ווער עס ווייס ווו „טשעליוסקין" איז געזונקען און ווו געפינען זיך אונדזערע ראדיאָ־סטאנציעס מיט די ווינטער־פונקטן. האָב איך די ערשטע אופגעהויבן א האנט

אונ געוויזנ אלע גראדוסנ מיט די פאראלעלנ, וואָס ווּ עס געפינט זיך. איך האָב עס געמאכט אפ אויסגעצייכנט אונ שמידט האָט בא מיר געפרעגט ווּ איך לערנ זיך. פונ אוקראיִנע בינ איך, האָב איך אים געזאָגט, אינ פעקעליק לערנ איך זיך, אינ דער צווייטער שול.

— ניט אזוי, ניט אזוי,—רײַסט זי איבער לייבל,—שמידט האָט גאָרניט געזאָגט, אז דו האָסט געוויזנ אפ אויסגעצייכנט. בארימערקע, איך בינ דאָך אויך געווענ דאָרט...

— איך האָב דענ געזאָגט, אז ער האָט געזאָגט, אז איך האָב אפ אויסגעצייכנט געוויזנ? איך זאָג עס אליינ, איך ווייס עס אליינ. אונ וועגנ דער שול איז אנ עמעס. ער האָט געפרעגט. אונ איך האָב אים טאקע געזאָגט.

— יאָ... וועגנ דעם בארימסטו זיך אונ וועגנ טראמווײַ שווײַגסטו...

— וואָס איז געווענ אינ טראמווײַ?

— טאקע, וואָס איז געווענ?

— דערצייל, לייבל.—בעטנ אלע קינדער.

לייבל גיט א קוק אפ פריידקענ. זי איז רויט. בייז. גוט, זאָל זי זיך ניט בארימענ. אונ ער דערציילט:

— מיר פאָרנ אינ מאָסקווער טראמווײַ, זייער אסאך מענטשנ. מיר שטייענ אינ א שטיקעניש. מיר פאָרנ פונ דער „טרעטיאקאָווקע“. איינער א פעטערל שטופט זיך צו דער טיר. דערשטופט זיך צו אונדזער פריידקענ. פרעגט ער בא איר:—יונגערמאנ, איר גייט דאָ ארויס? איר קאָנט דאָך פריידקענ—שטענדיק מיט אנ אופגעהויבענעם קאָלנער אונ מיט א ייִנגלשער קעפּי. מיינט ער, אז ס'איז א ייִנגל. פרעגט ער בא איר נאָכאמאָל:—יונגערמאנ, איר גייט דאָ ארויס, פרעגט מענ בא אײַך. ווערט זי רויט, ווי דער בורעק, רײַסט ארויס א צעפּל פונ אונטערנ קאָלנער, טרייסלט מיט אים איבער די קעפּ אינ וואגאָנ אונ שרײַט מיטנ קאָל פונ א פיגיליצע:—וואָס פארא יונגערמאנ בינ איך אײַך! גייט אײַך, ווּ איר דארפט! דער גאנצער וואגאָנ האָט געקײַכט פונ געלעכטער.

— א ליגנ! א ליגנ! ניט אזוי געווענ!—שרײַט פריידקע אונ ווערט נאָך רויטער.—ער האָט מיר ניט ווילנדיק די האָר געריסנ, האָב איך ארויסגעשלעפּט אונ געשריִענ. אונ ניט אינ מאָסקווע איז עס געווענ, אינ קיִעוו גאָר. א כארפע אונ א שאנד צו פּלאָנטענ די שטעט פונ אונדזער ראטנפארבאנד.

דער ניטווילנדיקער גראם רופט ארויס א געלעכטער בא די קינדער. לייבל ווערט בייז אונ ער מוז איר גלײַך ענטפערנ. ער זאָגט מיט האסט:

— טאקע א כארפע אונ א שאנד ניט צו וויסנ דעם כילעק פונ א שפערעלע ביז א שוועלבעלע. אָט דאָס איז דאָך שוינ געווענ אינ מאָסקווע, אינ מאָסקווע. מיר גייענ אזוי מיטנ פעטער איבער דער גאָרקי-גאס, איך געדענק עס גוט, שפרינגט ארום א שפערעלע איבערנ ברוק, מאכט זי:—זע, זע, לייבל, סארא שיינע שוועלבעלעך אינ מאָסקווע פאראנ! מיר אזש א כארפע געווענ פארנ פעטער. נאָך גוט, וואָס דער פעטער אליינ האָט אויך ניט געוווּסט.—יאָ, זאָגט ער, אינ מאָסקווע איז אלצ פאראנ, שיינע שוועלבעלעך אויך.

— א ליגנ, א ליגנ,—שרײַט זי,—דער פעטער ווייס...

אָבער דער ציל איז דערגרייכט. די מײַסע מיט די צעפּלעך געפעלט. די ייִנגלעך באַפאַלן זי, רײַסן זי פאַר די צעפּלעך, טרייסלען זיי אין דער לופט און שרײַען:

— יונגערמאַן, יונגערמאַן, וואָס פאַרא יונגערמאַן בין איך אײַך!

און אַזוי אַ דרײַ פינף־טאָג דורכאַנאַנד. און לייבל האָט דערפון האַנאָע.

— גוט אַזוי,—טראַכט ער,—זאָל זי זיך ווײַטער ניט באַרימען.

## 3. אַ סאָד און ווי אַזוי פיש מערן זיך

אין סעפּטעמבער כוידעש 1935 יאָר קערט זיך איבער די פּעקעליקער שטוב, וווּ לייבל מיט פרײדקען לעבן.

סימאָנים פון דער איבערקערעניש לאָזן זיך מערקן נאָך אין יול און אין אויגוסט: מע האָט געדאַרפט קאַלכן די שטוב—מען האָט זי ניט געקאַלכט; מען האָט זיי צוגעזאָגט קויפן אַ ביכער־שאַפע—מען האָט עס ניט געקויפט; מען האָט זומער געזאָלט פאָרן צוגאַסט קיין מאָסקווע צום פעטער—מען איז ניט געפאָרן; מען האָט ניט גערעכנט נײַען וועש—מען האָט יאָ גענייט; די מאַמע, די קינדער האָבן קיינמאָל קיין וואָליקעס ניט געטראָגן—דאָ האָט מען פיר פּאָר וואָליקעס אײַנגעהאַנדלט; מען האָט קיינמאָל פון שטוב גאָרניט ניט גערירט—דאָ האָט מען אַ גאַנצן האַנדל געפּאַקט: אַ מאַסע אַלטע זאַכן, וואָס זײַנען יאָרן רויִק אויף זייערע ערטער געלעגן און געשטאַנען האָט מען אין איין ווינקל צונויפגעשאַרט—פאַרקויפט. דער טאַטע האָט געדאַרפט קומען אַהיים אין נאָיאַבער, אויף יאָנטעוו, געקומען איז ער אין אויגוסט.

כוץ דעם האָט לייבל נאָך אין יול זיך דערוווּסט אַ סאָד: דאָס שטעטל פּעקעליק, וואָס שטייט שוין טויזנט יאָר, וועט מען אַריבערטראָגן אין אַן אַנדער אָרט.

דעם סאָד האָט אים דערציילט אין וואַלד, בײַם פייגעלעך כאַפּן, לייבלס נאָענטסטער כאַווער, יאָשקע שפּיצבאַרג,—אַ ייִנגל אַ הויכער, אַ געלער, פול באַרעקט מיט זומער־שפּרענקלעך.

— און דעם טײַך וועט מען אויך אַריבערטראָגן?—האָט לייבל געפרעגט.

— אַוודע,—האָט יאָשקע געענטפערט,—מען וועט אים אָפּרוקן אויף הונדערט קילאָמעטער ווײַטער.

— און דעם ברודער־קייווער אין וואַלד?

— מיסטאָמע אויך.

— צו וואָס באַדאַרף מען דאָס?

— אַ סאָד.—האָט יאָשקע מיט אַ ווונק געענטפערט.

— האָסטו מוירע מיר פאַרטרויען?

יאָשקע האָט געמאַכט אַ שטומע מינע, ווי ער וואָלט טאַקע מוירע געהאַט פאַרטרויען.

— האָב איך מיט דיר ניט וואָס צו ריידן,— האָט לייבל געענטפערט און גלײַך פון אָרט געוואָלט אַוועק.

— ווי דיר געפעלט,— האָט יאָשקע אַ צעטראָגענער אַ זאָג געטאָן,— נאָר דעם סאָד ווייס איך אַליין ניט.

— וואָס זשע מאכסטו זיך, — האָט לייבל א זאָג געטאָן און איז געבליבן. — און וואָס וועט זײַן מיט די סעדער און מיטן וואלד, און מיט די מענטשן?

— איך ווייס ניט. מיסטאָמע וועט מען זיך אן אייצע געבן.

— אָבער צו וואָס באדארף מען דאָס? שא, ווער האָט עס דיר דערציילט?

— איך האָב געהערט, ווי צוויי ייִדן האָבן צווישן זיך גערעדט אפ דער גאס.

— ווער?

— איך קאָן זיי ניט. זיי זײַנען ניט קיין היגע.

— ווּ שטייען זיי, ווייסטו?

— יאָ, איך בין זיי נאָכגעגאנגען, איך האָב געזען, בא בערל דעם בלעכער.

— ווייסטו וואָס, איך וועל נעמען עפּעס פאריכטן און מירן גיין צום בלעכער.

— קום.

נאָר באם בלעכער האָט לייבל זיך דערוווּסט גאָר עפּעס אנדערשס. די ייִדן זײַנען טאקע ייִדן, זיי זײַנען שוין געווען און זײַנען שוין אוועקגעפאָרן, וווּהין? קיין בירעבידזשאן. זיי האָבן דאָ באקומען אָרדערס. עס איז אָנגעקומען פופצן אָרדערס. פינף מישפּאָכעס פאָרן פון הי. די איבעריקע אָרדערס האָבן צעכאפּט פרעמדע מענטשן, וואָס זײַנען אָנגעלאָפן אהער פון אומעטום. פּעקעליק וועט מען טאקע אראָפּטראָגן. וואָס דען? נויטיק באדארף מען א שטעטל, וואָס שטייט טויזנט יאָר.

— מען דארף נײַע שטעט! נאָר עס קען גאָר זײַן, או דאָס איז ניט מער ווי א קלאנג, או מע וועט דאָס שטעטל אראָפּטראָגן...

— דײַן טאטע פאָרט דאָך אויך קיין בירעבידזשאן, — האָט דער בלעכער פארענדיקט, — און דו דארפסט עס בעסער וויסן. און דו מיט פריידקען מיט דער מאמען פאָרן אויך?

— מירן פאָרן, וואָסי? — האָט לייבל א זאָג געטאָן און זיך ארויסגעדרייט פון גאנצן שמועס וועגן דעם. ער האָט גאָר פון דער גאנצער מײַסע ניט געוווּסט.

דער טאָג איז שוין געווען א צעשטערטער. ער איז אוועקגעלאָפן צום טײַך, אופגעזוכט פריידקען, דערציילט איר די נײַס. יענע האָט אויך גאָרניט ניט געוווּסט.

אהיים זײַנען זיי ביידע געקומען אָנגעבלאָזענע. די מאמע האָט זיי באגעגנט מיט א שמייכל.

— וואָסי? אוואדע מיט די ייִנגלעך זיך צעדראפּעט? — האָט זי בא לייבלען געפרעגט.

— מאמע, — האָט דערוף פריידקע געענטפערט מיט אויסרייד, — א טעווע דו האָסט צו צעבלאָזן א זאך, לייבל האָט זיך קיינמאָל מיט קיינעם ניט געדראפּעט. עס איז אונדז א כארפע: פון פרעמדע מענטשן דערוויסן מיר זיך, או מיר פאָרן קיין בירעבידזשאן.

— רייד ניט מיט איר, — האָט לייבל מיט ברויגעז אפ דער מאמען א זאָג בעטאָן צו פריידקען. — מיר זײַנען דאָך נאָך פיצעלעך בא איר. מע קאָן דען עפּעס אונדז דערציילן?..

דער אָוונט איז אדורך עפּעס מאָדנע. קיין שום ארבעט האָט זיך בא זיי ניט געקלעפּט, א מאָל פינף האָט זיך די מאמע געפּרוווּט צוזעצן צו זיי.

— שוועלבעלעך מײַנע, — האָט זי געזאָגט, — אזא וועג, אזא וועג שטייט אונדז פאָר...

— אָט שוינ!—האָט לייבל געזאָגט מיטנ טאָנ פונ א דערוואקסענעמ.—נעמ דעמ פארטעכ, ווישׂ זיכ די אויגנ...

— סארא גראָבקייַט דו ביסט עס,—האָט אימ פריידקע אײַנגערוימט אפנ אויער, א ציַ טרענדיק אימ באמ ארבל,—מאמע,—האָט זי געזאָגט אפנ קאָל,—דו ווייסט אַז וויפל דאָס איז נעענטער פאר דער ארקטיקע—א דריטל וועג!

די מאמע איז אוועק פונ זיי. וואָס האָט זי מיט זיי צו רעדנ, אז זיי זײַנענ שוינ גרייט פאָרנ אינ דער ארקטיקע. פונדעסטוועגנ האָט זי אינ א ווײַלע ארומ זיכ ווי־דער צוגעזעצט צו זיי.

— עפשער וועט דאָס שווער זײַנ פאר אײַכ, קינדערלעכ, אזא ווײַטעניש?

— אָט,—האָט לייבל געענטפערט,—שוינ, זי איז שוינ גרייט צו כאפנ צוריק.

— א טעווע בא דיר, מאמע,—האָט אימ פריידקע איבערגעריסנ,—וועלנ ארופ־ווארפנ אפ יענעמ דאָס, וואָס דו אליינ טראכסט. זאָג דעמ עמעס: עפשער איז עס שווער פאר דיר, וועלנ מיר צוליב דיר בלײַבנ זיצנ דאָ אינ פעקעליק. פאר אונדז איז עס ניט שווער. מענטשנ פאָרנ אפ דער קאמטשאטקע אונ בויענ דאָרט וועגנ אונ שטעט. אונ בירעבידזשאנ... בירעבידזשאנ ליגט... אָט וועל איכ דיר באלד זאָגנ, וווּ בירעבידזשאנ ליגט...

אינ דרײַ וואָכנ ארומ, ווענ דער טאטע איז געקומענ אהיימ האָבנ אימ די קינ־דער באגעגנט קימאט ברויגעז. ער האָט גלײַכ עס באמערקט.

— וואָס האָט פאסירט?—האָט ער געפרעגט.

די מאמע האָט דערציילט, וואָס עס האָט פאסירט אונ דער טאטע האָט געלאכט.

— אָט דאָס גאָר?—האָט ער געזאָגט.—נו, איכ האָב דער מאמענ געשריבנ, האָט צו איר טײַנעס...

די קינדער זײַנענ אומצופרידענע אוועק שלאָפנ.

פריידקע איז גלײַכ אײַנגעשלאָפנ אונ לייבל איז געלעגנ מיט אָפענע אויגנ ביז שפעט אינ דער נאכט. אלץ ניט געקאָנט אײַנשלאָפנ, כאָטש שלאָפנ האָט זיכ אימ געוואָלט אונ טראכטנ האָט ער עפעס ניט געקאָנט — די געדאנקענ האָבנ זיכ גע־ברעקלט, ווי הארטער ליימ אונ מענ האָט גאָרניט ניט געקאָנט אויסקלעפנ פונ זיי. ווענ עס איז אימ נימעס געוואָרנ איינעמ אליינ זיכ מאטערנ מיט אָפענע אויגנ, האָט ער זיכ אופגעזעצט אפ זײַנ געלעגער, א רופ געטאָנ:

— פריידקע, דו שלאָפסט? פריידקע!

פריידקע האָט געעפנט אנ אויג. דערזענ לייבלענ א זיצנדיקנ, האָט זי זיכ אויכ אופגעזעצט.

— וואָסי, לייבל?

— דו שלאָפסט?

— יאָ.

— איכ—נײַט.

— שלאָפ. מענ דארפ שלאָפנ.

— איכ טראכט.

— א נײַס אינ שטעטל.

— פריידקע!

— נו?

— איך טראכט: וואָס וועלן מיר טאָן אין וועג?

— שלאָפ, דאָס וועלן מיר שפּעטער זען.

פלוצלינג האָט זיך פריידקען אויסגעדוכט, אז לייבל וויינט. זי איז אראָפּגעשפּרונגען פון איר בעלעגער, צוגעגאנגען צום ברודערל.

— וואָס איז מיט דיר, לייבעלע? — זי האָט א טאפ געטאָן זײַן שטערן. — דער קאָפּ טוט ווײ?

— ניין, — האָט לייבל געענטפערט און זיך פאנאנדערגעוויינט.

— נארעלע, — האָט זי געזאָגט, — וואָס איז דער געוויין אין מיטן דער נאכט?

— זיי האלטן אונדז ביידע פאר פיצעלעך...

— ניין, וואָדען? א גרויסער ביסטו? ליג זיך, לייג זיך, נארעלע.

— ווען פאָרן מיר, פריידקע?

— דו וועסט שוין זען פארטיקערהייט. שלאָפ, אניט דערציייל איך מאָרגן אלעמען, אז דו האָסט אין מיטן דער נאכט, ווי א פיצל קינד זיך צעכליפעט.

לייבל האָט זיך געלייגט. פריידקע האָט געוואָלט אוועק.

— שטיי איין רעגע נאָך, — האָט ער זי פארהאלטן און ווידער זיך אופגעזעצט. — איך וויל איין זאך פרעגן.

— נו, גיכער. איך וויל שלאָפן.

— דאָס איז ווײַט, פריידקע?

— ווײַט.

— זייער?

— זייער.

— זייער — זייער?

— זייער — זייער — זייער.

— ווי ווײַט איז עס?

— באנײַם א קאָן.

— דרײַ מאָל אזויפיל, ווי קיין מאָסקווע?

— צען מאָל אזויפיל.

— צען מאָל... שווער אויסצומעסטן, צוויי מאָל, דרײַ מאָל, — פארשטיי איך נאָך.

— נו, דרײַ מאָל דרײַ פארשטייסטו?

— איך פארשטיי, אָבער איך זע ניט.

— טאָ שלאָפ, אין וועג וועסטו שוין זען.

פריידקע איז אוועק צו זיך אפן געלעגער און געלייגט זיך. לייבל האָט זי א רוף געטאָן:

— פריידקע.

— נו, — האָט זי שוין א האלב-פארשלאָפענע געזאָגט.

— וואָס איז דאָרט — שטיין, צי וואלד אין בירעבידזשאן?

— טײַגא. וואלד.

— איז דאָך פאראן פייגלען דאָרט?

— פאראַנ.— האָט זי קוים געענטפערט.—לאָז מיכ שלאָפנ.— זיכ איבערגעדרייט אפ דער צווייטער זײַט אונ גלײַכ אײַנגעשלאָפנ.

— אונ טײַכנ אונ אָזערעס?—האָט לייבל פאר זיכ געטראכט.

— פאראַנ.—האָט ער זיכ אליינ אינ געדאנק געענטפערט. דערמאָנט זיכ.—פאראַנ אמור דער טײַכ, ביראָ דער טײַכ, בידזשאנ דער טײַכ אונ מיסטאָמע נאָכ אנדערע טײַכלעכ אונ אָזערעס.

— בײַקאל די אָזערע?

— ניינ, בײַקאל איז ניט דאָרט. בײַקאל איז אפנ וועג.

— איז דאָכ דאָרט פיש אויכ פאראַנ?

— אוואַדע פאראַנ. אינ די טײַכנ אונ אינ די אָזערעס.

— וועגנ פיש ווייס איכ, ווי זיי מערנ זיכ. לעמאָשל, דער פיש קעטאָ, א דרויטער פיש מיט שופנ. דו ווילסט הערנ?—האָט ער געוואָלט א פרעג טאָנ בא פריידקענ, נאָר יענע האָט שוינ געכראָפעט. האָט ער ווידער געטראכט פאר זיכ אליינ:— וועגנ די דאָרטיקע פיש ווייס איכ, אונ דאָס וועל איכ דערציילנ די בירעבידזשאַנער קינדער... די „זי” קומט שטענדיק ווארפנ דעם רויג, נאָר אהינ, ווו זי איז געבאָרנ געוואָרנ. דער „ער” שווימט זי נאָכ. זיי שווימענ דורכ יאמענ, אָקעאַנענ, טײַכנ, אָזערעס, ביז זיי קומענ אהיים. געקומענ אהיים, ווו די „זי” מיטנ „ער” זײַנענ געבאָרנ געוואָרנ, קלײַבט זי זיכ אויס א גוט ערטל ערגעצ אינ א ליימ־באָדנ, אונטערנ וואסער, געפינט זיכ א פאָר שטיינדלעכ אונ מאכט זיכ דערפונ א שטיבל אונטערנ וואסער. אינ שטיבל ווארפט זי ארויס דעם רויג. דער „ער” שטייט דאָ דערבײַ אונ באגיסט דעם רויג מיט זײַנע מילכנ. די „זי” איז שוינ א האלב־טויטע,—ווי זי ווארפט ארויס דעם רויג אזוי שטארבט זי. קלײַבט אָנ דער „ער” שטיינדלעכ אונ מיטנ עק באדעקט ער דאָס שטיבעלע, מאכט א דעכל. דער רויג מיטנ מילכנ בלײַבנ ליגנ אינ שטיבעלע, אונ אינ פרילינג, אז עס וואקסט אויס קליינוואַרג פונעם רויג מיטנ מילכנ, צעווארפנ זיי דאָס שטיבעלע אונ שווימענ אוועק דורכ טײַכלעכ, טײַכנ, אָזערעס, יאמענ, צוריק אינ אָקעאַנ ארײַנ. דאָרט לעבנ זיי אונ וואקסנ, אונ, אז זיי ווערנ דערוואַקסענע, שווימענ זיי צוריק צום אָרט, ווו זיי זײַנענ געבוירנ געוואָרנ, אונ ווידעראמאָל אלצ פונדאָסנײַ. אינ אונדזער טײַכל זעט מענ עס ניט—עס איז ניט פארבונדנ מיט קיינע שום יאמענ. דאָרט וועט מענ עס קאָנענ זענ? אוואַדע וועט מענ עס קאָנענ זענ. דאָרט איז דאָכ נאָענט צום שטילנ אָקעאַנ... טאקע גוט, וואָס מיר פאָרנ אהינ...

ער האָט זיכ א ליג געטאָנ אפ א זײַט, געוואָלט נאָכ עפעס א טראכט טאָנ וועגנ ווײַטנ וועג, אָבער פריידקע האָט אזוי געשמאק געכראָפעט, אז ער האָט ניט באוויזנ אָנהייבנ א נײַע טראכטעניש, ווי ער איז אינ קורצנ אײַנגעשלאָפנ.

## 4. דער אומבאקאנטער פאָנעמ

אינ דעם טאָג, ווענ זיי האָבנ געדארפט אָפּפאָרנ קיינ בירעבידזשאַנ, האָט ער זיכ אופגעכאפט פיטאָמאָל, ווי שטענדיק. ווענ ער האָט זיכ געריבנ די פלייצקע מיט דער ברוסט מיטנ נאסנ האנטעכ, איז אימ פלוצלינג אײַנגעפאלנ, אז די נאכט האָט

זיך אים געכאַפּטעמט א כאַלעם. קלאָר האָט ער שוין איצט דעם כאַלעם ניט געזען, אָבער אין איינס איז ער געווען זיכער: עמעצער א גוטער, א נאָענטער, א ליבער מענטש, דוכט זיך, דער טאטע, האָט צו אים געזאָגט מיט א שמייכל:

— דו קוק ניט, וואָס זיי האלטן דיך פאר א פיצעלע. דו זײַ אלײן א מענטש, וועלן זיי דיך אויך האלטן פאר א מענטש.

ער האָט עס גלײַך געוואָלט דערציילן פריידקען, אָבער אָפּגעהאלטן זיך, באַשלאָסן, אז ער וועט עס איר בעסער דערציילן אין וועג.

גלײַך נאָכן אָנבײַסן איז ער אוועק צו יאָשקע שפּיצבארגן — זיך געזעגענען מיט אים.

די באַגעגעניש איז געווען זייער א ווארעמע. די קינדער האָבן זיך אָנגענומען בא די הענט און יאָשקע האָט קימאט מיט א פארשטיקטער שטים א זאָג געטאָן:

— דו פאָרסט טאקע?

— מיר פאָרן.

— מיר וואָלט זיך אויך געוואָלט, נאָר מײַן טאטע לאָזט מען ניט. די פארטיי לאָזט אים ניט.

— נו, וועט איר קומען שפּעטער, — האָט אים לייבל געטרייסט. — לאָמיר זיך געזעגענען יאָשקע.

— שטיי א ווײַלע. מירן גיין צום בלעכער.

— וואָסי?

— וועסט שוין זען.

— אז איך האָב קיין צײַט ניט. — האָט זיך לייבל געבעטן.

— קום. דו מוזט. — האָט אים יאָשקע ניט אָפּגעלאָזט און לייבל איז אוועק מיט אים.

— פארטיק? — האָט יאָשקע געפרעגט, ווי נאָר זיי זײַנען צום בלעכער ארײַן.

— פארטיק. — האָט דער בלעכער געענטפערט, ארופּרוקנדיק די ברילן אפן שטערן, און דערלאנגט א פּאָטאָ־אפּאראטל.

— שטארק געמאכט? — האָט יאָשקע געפרעגט.

— כאָטש אין אמעריקע שיק.

— קיין אמעריקע באַדארף איך ניט, אָבער קיין בירעבידזשאַן וועט עס גיין. נעם עס, לייבל, פון מיר, — האָט יאָשקע אפגיך און עפּעס ווי פארשעמט א זאָג געטאָן.

לייבל האָט שיר ניט אויסגעשריִען פון פרייד. אפ יאָשקעס פּאָטאָ־אפּאראטל האָט ער שוין לאַנג געחאָרפּן אַן אויג. און פונדעסטוועגן האָט ער זיך ניט געכאַפּט אויסצוזיִען די הענט דערצו. אים איז איצט געווען א שאָד צונעמען עס בא זײַן כאַווער. אים האָט זיך געדוכט, אז יאָשקע וייס, ווי שטארק ער וויל האָבן מיט זיך דאָס פּאָטאָ־אפּאראטל, אָבער עס איז אים שווער צו שיידן זיך מיט אים. און דאָס איז ניט קיין וואונדער. ווער וואָלט עס ניט געווען שווער צו שיידן זיך מיט אזא גוטער זאך?

— נו, נעם, וואָס שטייסטו? — האָט יאָשקע אים געמונטערט.

ווען זיי זיינען ארויס פונ בלעכער אונ שוינ אָפּגעגאנגענ א שטיק וועג, האָט זיכ לייבל פלוצלינג א קער געטאָנ צו זיינ כאווער אונ געפרעגט:

— זאָג דעמ עמעס, דיר איז א שאָד?

— וואָס דו פאָרסט אוועק?—האָט יאָשקע געפרעגט.

לייבל האָט גלייכ אפּנ אָרט געוואָלט זאָגנ: „ניינ, איכ מיינ דאָס פאָטאָ־אפּא־ראטל", נאָר דאָ איז אימ באפאלנ א שטארקע נייגעריקייט צו וויסנ, צי איז טאקע יאָשקענ א שאָד, וואָס ער, לייבל, פאָרט אוועק, אונ ער האָט אפּגיכ א פאלשעווע געטאָנ אונ צוגעשטימט:

— יאָ.

— זייער א שאָד.—האָט יאָשקע געענטפערט.

דאָס איז לייבלענ געווענ שטארק צומ הארצנ אונ ער האָט געוויילט אימ פאָר־לייגנ.

— שא, וויסטו גאָר וואָס, לאָמיר שרייבנ בריוו איינער דעמ אנדערנ.

— לאָמיר.—האָט יאָשקע פריילעכ צוגעשטימט.

פונדעסטוועגנ האָט זיכ נאָכ לייבלענ געוואָלט וויסנ, צי איז אימ, יאָשקענ, ניט א שאָד זיכ שיידנ מיטנ פאָטאָ־אפּאראטל אונ ער האָט אָנגעהויבנ פונ דער ווייט:

— אונ וואָס וועסטו דאָ טאָנ?

— אָנ א כאווער?

— ניינ, איכ מיינ—אָנעמ פאָטאָ־אפּאראטל.

— נו, דאָס איז גאָרניט... שא, דו קאָנסט אראָפּנעמענ?

— זייער א ביסל.

— איז קומ אהיימ, וועל איכ דיר ווייזנ. גוט?

אינדערהיימ האָט ער אימ צוגעלייגט צומ פאָטאָ־אפּאראטל א דרייפוס, זעקס קאסעטנ, אָנגעלאָדענע מיט פלאסטינקעס, א פאָר וואנעלעכ, א רעמל צו אנטפּלעקנ די בילדער אפּנ פאפּיר, אביסל כעמיקאליע, קארטלעכ—א פולנ קאָמפּלעקט. ער האָט אימ גע־וויזנ, ווי אזוי מענ שטעלט אָנ, ווי אזוי מענ נעמט אראָפּ, ווי אזוי מענ אנטפּלעקט אונ ווי אזוי מענ דרוקט. לייבל האָט דאָס אלצ זייער גיכ באנומענ אונ דער ווייטעק פונ שיידנ זיכ האָט זיכ באמ קינד פארשטארקט—אזא פארשטאנדיקנ כאווער קריגט מענ ניט אזוי גיכ.

— פארפּאקעווענ דאָס דארפ מענ ניט,— האָט ער פול מיט ליבע אימ געייצעט.—דו פאָרסט אזא ווייטנ וועג, עס וועט זיכ דיר מאכנ עפּעס א שיינע זאכ אינ וועג, וועסטו עס אראָפּנעמענ. אונ אינ בירעבידזשאנ וועסטו עס פארטיק מאכנ אונ מיר צושיקנ א קארטל.

— טאקע אזוי,—האָט לייבל מיט פרייד מאסקימ געווענ.

יאָשקע האָט אימ באגלייט אהיימ. אפּ צוריקוועגס האָט ער זיכ דערמאָנט.

— שא, גאָר פארגעסנ דיר דערציילנ. דער טאטע זאָגט, אז דאָס איז א ליגנ.

— וואָס?

— אז מענ נעמט אראָפּ אונדזער שטעטל. ער זאָגט, אז סאָנימ האָבנ עס אויס־געטראכט. מיסטאָמע דארפנ זיי עס צוליב זייערנ א שפּיצל.

— דו האָסט זיכ ניט דערמאָנט, ווער אָ דאָס האָט געזאָגט?

— אז איך קאָן זיי ניט.

ווען זיי זײַנען צוגעקומען צום מארק האָט יאָשקע פלוצלינג א געשריי געטאָן און אָנגעכאפּט לייבלען פאר א האנט.

— וואָסי?—האָט זיך לייבל שיר ניט דערשראָקן, ווײַל יאָשקע האָט שוין בא אים צוריק צוגענומען דאָס פאָטאָ־אפּאראטל מיט די קאסעטן.

— ששששש... אָט איז ער.—האָט ער אים אײַנגערוימט אפן אויער.

— ווער?

— דער ייִד, וואָס האָט געזאָגט...

— אז מען נעמט אראָפּ אונדזער שטעטל?

— יאָ...

דו ביסט זיך ניט טועה?

— אז איך געדענק אים גוט...

— לאָמיר צוגיין, ריידן מיט אים.

— צוגיין לאָמיר נעענטער, נאָר ניט רעדן... דו מיינסט פון וואָס איז בא מיר קאליע געוואָרן דאָס פאָטאָ־אפּאראטל? איך האָב געוווסט, אז ער דרייט זיך דאָ ארום אפן מארק, דער ייִד, בין איך אים נאָכגעגאנגען אוואדע דרײַ טעג מיטן פאָטאָ־אפּאראטל, געוואָלט אים אראָפּנעמען און ווײַזן זײַן בילד דעם קאָמיסאר. עפּעס איז דאָס א פארברעכער? אז ער איז גאָר ניט קיין היגער...

לייבל האָט געזען: עטלעכע ייִדן זײַנען געשטאנען אפן מארק. שווער געווען צו כאפּן לויטן אויסערלעכן אויסזען ווער עס איז דער ייִד, וואָס האָט פארשפּרייט די רעכילעס וועגן פּעקעליק. ער האָט געפרעגט בא יאָשקען, געבעטן ער זאָל אים אָנווײַזן, האָט יאָשקע בעסאָד אים אײַנגערוימט, אז מיט די הענט טאָר מען ניט ווײַזן, אזעלכע זאכן און מיט די אויגן קאָן ער, אָבער ער וועט זיך סײַווי ניט כאפּן. ער האָט זיך א שטעל געטאָן הינטער לייבלען, אָנגעשטעלט דאָס פאָטאָ־אפּאראטל, אפּגיך אראָפּגענומען. ווען זיי זײַנען שוין געווען ווײַטלעך פון מארק, האָט ער איבערגעגעבן דאָס אפּאראטל מיט דער קאסעטע לייבלען.

— באהאלט,—האָט ער געזאָגט.—אָט דאָ ליגט ער.

— אפ וואָס דארף איך דאָס?

— ער פאָרט דאָך מיט דיר אין איין צוג קיין בירעבידזשאן...

— נו,—איז וואָס?

— איז קוק אים נאָך אין וועג...

— און דערנאָך?

— און דערנאָך, אויב עס וועט זיך עפּעס ארויסווײַזן... האָסטו פארטיק זײַן בילד. וואָס ביסטו א קליינינקער, איך דארף דיך לערנען?

— א, איך פארשטיי,—האָט לייבל מיט א שמייכל געענטפערט.—דו ווילסט אים כאפּן, אויב עפּעס—וואָס.

— נו, יאָ.—האָט יאָשקע געענטפערט.

ווען זיי זײַנען צוגעקומען צו לייבלס שטוב, האָט ער געוואָלט זיך א באריםטאָן פאר פריידקען מיט דער מאטאָנע, וואָס ער האָט נאָר וואָס באקומען.

— פריידקע,—האָט ער געהאט אָנגעהייבן.

נאָר יאָשקע האָט אים ניט געלאָזט פאַרענדיקן.

— פאַרגעסן דיר זאָגן,—האָט ער אים איינגערוימט אין אויער, אָפּסירנדיק אַ זײַט,— וועגן דער מײַסע דערציילט מען קיינעם—קיינעם ניט! ניט דעם טאַטן, ניט דער מאַמען, ניט פריידקען, ניט קיינעם ניט! דאָס איז ווי א מילכאָמע־סאָד, אַניט וועט גאָרניט ניט אַרויסקומען דערפֿון...

— טאַקע,—האָט לייבל געענטפֿערט.—גוט. אין וועלכער קאַסעטע ליגט ער?

— אָט דאָ, אין דעם נומער איינס. שאַ, דו ווייסט גאָר וואָס, מען דאַרף אָנשרײַבן אַף דער קאַסעטע עפּעס א פּאַראָל, אז דו זאָלסט וויסן ווער דאָרט ליגט.

— לאָמיר צוטראַכטן.

— לאָמיר.

— אז איך ווייס ניט אין וואָס דו ביסט כוישעד דעם ייִדן.

— באַנײַס א קאָן...

— נו, האָט ער געזאָגט, אז מען נעמט אַראָפּ דאָס שטעטל, נו, איז וואָס?

— נאַרעלע,—האָט יאָשקע געענטפֿערט,—ווען ער זאָגט בלויז דאָס איינע... ער שטייט אונג דאַרשנט פּאָר א צענדליק ייִדן, אז זײַן שטעטל האָט מען שוין אַראָפּגענומען אונ ער האָט געמוזט אַוועק איבער דער וועלט, און אַנדערע ייִדישע שטעטלעך האָט מען שוין אויך אַרונטערגענומען, און יענע ייִדן זײַנען אויך אַוועק איבער דער וועלט, און אונדזער שטעטל וועט מען אויך אין קורצן אַראָפּנעמען, ווײַל מען וויל אַלע ייִדן מיט גוואַלד פֿאַרשיקן הינטער סיביר.

— דאָס איז בירעבידזשאַן הינטער סיביר?

— נו, יאָ.

— נו, איז וואָס, אז הינטער סיביר?

— הערסט דאָך: טאָמער, זאָגט ער, האָבן ייִדן אָפּגעכאַפּט אביסל דעם אָטעם בא זיך אין דער היים, טרײַבט מען זיי קיין בירעבידזשאַן.

— וואָס הייסט—מען טרײַבט? קיינער טרײַבט דאָך ניט! מיר פֿאָרן אַליין. איך פֿאָר מיט כיישעק.

— אָט דאָס איז דאָך עס.

— איז וואָס זשע, דער ייִד איז א חײַסגוואַרדייער?

— מע רעדט, מע רעדט אונ מע שושקעט זיך.

— האָב איך פּאַר אים א נאָמען: די ווײַסגוואַרדיייִשע צורע. אָנשרײַבן אַף דער קאַסעטע?

— דאָס טויג ניט.

— פֿאַרוואָס?

— ווײַל טאָמער זעט עמיצער בא דיר די קאַסעטע, ווייס ער גלײַך דעם גאַנצן סאָד.

— שאַ, ווייסטו גאָר וואָס, עפּשער וועלן מיר צוגיין צו מאַרק אבראַמיטשן, איבערגעבן אים די קאַסעטע מיט דער גאַנער מײַסע און זאָל ער אים, דאָ אַליין פּאַקן?

— צום לערער?

— יאָ!

— א מאָשל! אײַער צוג גייט דאָך באלד אָפּ. דער ייִד פאָרט אוועק און די קארטע זײַנע בלײַבט דאָ... וואָס וועט ער טאָנ מיט דער קארטע? איך פארשטיי ניט—דו ביסט א קלייניקער, צי דו האָסט מוירע?

— מוירע גאָר!—האָט לייבל א לאך געטאָנ.—איך בינ דאָך א פּיִאָנער.

— איז אָפּגערעדט! שרײַב אָנ: „דער אומבאקאנטער פּאָנעמ".

— דאָס איז טאקע גוט...

— דעריקער—דו איינער זאָלסט וויסנ און מער קיינער.

פריידקע איז צוגעגאנגענ.

— וואָס איז אזוי די שושקעניש א גאנצע שאָ דורכאנאנד? גיי, די מאמע רופט.

לייבל איז אוועק. יאָשקע האָט א קוק געטאָנ אפ פריידקענ, געפרעגט:

— דו פאָרסט טאקע?

— ניינ, איך בלײַב דאָ מיט דיר...

— געזענ, ווי דאָס פארײַסט אביסל די נאָז...

— און מענ זאָגט נאָך אפ מיידלעך, אז זיי האָבנ ליב זיך שושקענ.

יאָשקענ איז עס געפעלנ געוואָרנ, ער האָט א לאך געטאָנ.

— דו ווילסט אוודע וויסנ דעם סאָד?

— פאראנ וואָס צו וויסנ!

— קאָנ זײַנ, אז פאראנ...

— נו, איז האלט זיך מיט אײַערע סוידעס... דו וועסט זײַנ בא דער באנ?

— אוודע, אלע וועלנ מיר זײַנ...

אינ אָוונט איז מענ אָפּגעפאָרנ פונ פעקעליק. דער גאנצער פּיִאָנערנ אָטריאד איז געקומענ זיי באגלייטנ. אלע פאראדנע אָנגעטאָנ: בלויע אונטנס, ווײַסע אויבנס, רויטע טיכלעך אפ די העלדזער. פריילעך—פײַערלעכע בליקנ אינ די אויגנ. פאָרויס איז געגאנגענ יאָשקע מיט דער פּאָנ. הינטער אימ — בערעלע מיטנ טרומייט, פונביידע זײַטנ—די פײַקלער. געווענ אסאך אָנזאָגנ מיט גרוסנ: א גרוס די בירעבידזשאנער פּיִאָנערנ, א גרוס די בירעבידזשאנער שולנ, א גרוס די בירעבידזשאנער סאָפּקעס, א גרוס די ארבעטנדיקע קינדער פונ מאנדזשור־גאָ, וואָס מאטערנ זיך אונטערנ שטיוול פונ יאפּאָנישנ אימפּעריִאליזמ. אלע קינדער האָבנ פריילעך געטומלט און יעדנ איינעמ איז דאָך אביסעלע אומעטיק געווענ אפנ הארצנ—ווײַט־ווײַט פאָרנ זיי אוועק—לייבל מיט פריידקענ.

## 5. סטאנציע קיִעוו דער צווייטער

אפ מאָרגנ איז געווענ א זוניקער פארנאכט. פונ דער זײַט האָט מענ געקאָנט זענ, ווי אינ דער געדיכטעניש פונ צוגנ, וואגאָנעס, לאָקאָמאָטיוונ האָט זיך ארײַנגעשניטנ א לאנגער שווערער מאסע־צוג.

פאָרויס איז געלאָפנ מיט ראש און געדודער און לאנגנ אומרויִקנ פײַפ א נידעריקער, אָבער פעסטער 1344־Эм— א גלאנציקער פונ סאזשע און פעטס לאָקאָמאָטיוו. נאָך אימ זײַנענ נאָכגעלאָפנ שווערע פולמאנס, ציסטערנעס, פלאטפאָרמעס, פארמאכטע וואגאָנעס, געלאָדנ מיט נאפט, מיט אייל, מיט געפּרעסטנ היי, מיט ברויט,

מיט פערמעס פונ א בריק, מיט פארטיקע מאשינעס, מיט האָלצ אונ מיט עפּל—מיט אלדאָס גוטס, וואָס דער קאַנט האָט פארמאָגט,—אונ אינעם סאמע עק פונעם אריינלויפנדיקנ צוג, האָט זיך געוואָרפנ אונ איז נאָכגעלאָפנ א רויטער לאסט-וואגאָנ, וואָס איז אפגיכ געווענ צוגעפאסט אפ אריבערפירנ מענטשנ: צוויי ברעטער-פּאָליצעס פונ ביידע זייטנ, אנ אויוועלע אינ מיטנ, א טרעפּל צוגעבונדנ אפ א דראָט בא דער טיר, א שמאָלער, בלעכענער קוימנדל אפנ דאכ.

דער וואגאָנ איז דרויסנ באפוצט געווענ מיט פּאָרטרעטנ פונ די פירער, מיט רויטע פלאקאטנ, מיט גרינע צווייגנ, אונ אינעווייניק אפ דער העלפט — פול מיט מענטשנ אונ פעק.

ווענ דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָבנ די מענטשנ ברייט אנ עפנ געטאָנ די טיר, ארויסגערוקט זיכ, ארויסגעקוקט.

די מענטשנ זיינענ געשטאנענ אינ עטלעכע שטאָק. פאָרויס זיינענ געשטאנענ עטלעכע קינדער מיט אופגעריסענע אויגנ, הינטער זיי—די מאמעס מיט האלב-פארדייגעטע, האלב-נייגעריקע פּנימער, הינטער די מאמעס—די טאטעס מיט די דערוואקסענע ברידער מיט ליולקעס, מיט פּאפּירעסלעכ אינ די מיילער, מיט פּנימער אויכ נייגעריקע, אָבער שוינ אפנ מאנצבילשנ שטייגער—גרייטע זיכ לאָזנ טאָנ, זוכנ, איינאָרדענענ די מישפּאָכעס.

נאָר דאָ איז ניט געווענ וואָס צו טאָנ.

די מענטשנ זיינענ געפאָרנ זייער ווייט, אונ דאָס איז ערשט געווענ די ערשטע גרויסע סטאנציע אפנ וועג.

דאָס מוז זיינ די סטאנציע קיִעוו דער צווייטער.—האָט איינער געזאָגט.

— א שטאָט א גאנצע.—האָט א פרוי פארטראכט געזאָגט.

— א שטאָט אפ רעדער.—האָט א דריטער באמערקט.

— מענ וועט זיכ נאָכ אָנזוענ גענוג אזעלכע שטעט אפנ וועג, ביז מענ וועט זיכ צום אָרט דערקלייבנ.—האָט א צווייטע פרוי אָפּגעזיפצט.

— בריגאדיר, בריגאדיר, דו וואָלסט געדארפט גיינ זיכ דערוויסנ, ווו זיינענ דאָ ערגעצ אונדזערע.

— ניטאָ וווּהינ צו גיינ, ניטאָ וואָס דערוויסנ זיכ. זיצט אפ די ערטער. מענ וועט שוינ אלצ אָפּטאָנ אָנ אונדז.

א מענטש מיט א שפּיציק בערדל אונ שמאָלע קרומע, גרינע אויגלעכ האָט א הויב געטאָנ זיינ קאָפּ איבער אלעמענס קעפּ.

— זעט איר,— האָט ער א שטעכיקנ לאכ געטאָנ,— ווי מע שלעפּט עס אונדז דורכ דער הינטער-טיר... באם פאסאזשירסקנ וואָקזאל האָט אים ניט געפאסט זיכ אָפּשטעלנ....

— דאָס איז א לאסטצוג,—האָט עמיצער געזאָגט,—דאָ איז זיינ אָרט. יעדער צוג האָט זיינ אָרט.

— יאָ, יאָ,—האָט דער ייִד מיטנ שפּיציקנ בערדל אונ מיט די גרינע אויגנ געזאָגט,— איעדער צוג האָט זיינ אָרט אונ איעדעס פאָלק האָט זיינ מאזל...

— הערט זשע,—האָט אים איבערגעריסנ דער בריגאדיר,— וואָס טויגנ מיר די

פוסטע פילאָזאָפיעס, אָט דאָ ניט ווײַט מוז זײַן הײסער אָקרעפ. נעמט די טשײַניקעס, ברענגט הײס וואסער וועלן מיר אָפעסן וועטשערע און גײן שלאָפן. שוין שפעט. דו גײסט, לײבל?

— דו גײסט, פריידקע?—האָט לײבל א פרעג געטאָן:

— קום,—האָט פריידקע א זאָג געטאָן.

— איר וועט ניט פארבלאָנדזשען?—האָט דער בריגאדיר געפרעגט.

— וואָס זײַנען מיר קלײנינקע?—האָט דאָס מײדל מיט אויסרײד געפרעגט.

— וואָס עפעס פוסטע פילאָזאָפיעס?—האָט דער ייִד מיטן שפּיציקן בערדל פאַרגעזעצט.

קײנער האָט זיך אפ אים ניט אומגעקוקט. א ייִד—א פלאפלער, ווײַזט אויס.

נאָך דער וועטשערע האָט מען אויסגעוואשן דאָס געפעס, אויסגעקערט דעם דיל אין וואגאָן און געלײגט זיך שלאָפן. צעטרײסלטע פון א גאנצן מעסלעס זיך באָמבלען אין עק פונעם לאנגן און שווערן צוג, זײַנען די מענטשן גיך אײַנגעשלאָפן. לאנג זײַנען וואך געווען אין פינצטערן וואגאָן בלויז צוויי מענטשן: ייִצכאָק מיטן שפּיציקן בערדל און מיט די גרינע אויגן און לײבל. זײ האָבן פון צײַט צו צײַט שטילע געשפרעכן צווישן זיך געפירט.

— מײלע,—האָט שטיל געזאָגט ייִצכאָק אין דער פינצטער,—מײלע אונדז קומט עס, אָבער די קינדער? וואָס זײַנען די קינדער שולדיק, פרעג איך.

וואָס טוט מען דען די קינדער?—האָט זיך לײבל דערקונדיקט.

— וואָס מען טוט זײ? מען שלעפט זײ ארום איבער דער וועלט, ווי די־שמאטעס.

— איך פאָר מיט כײשעק, האָט לײבל געזאָגט,—אסאך קינדער זײַנען מיר מעקאנע געווען. א גאנצע וועלט קאָן מען דאָך זען אין וועג.

— נו, זײַט איר, ווי די נארישע קעלבלעך. די קעלבלעך טאנצן אויך, ווען מען פירט זײ ארויס פון שטאל, זײ מײנען—מען פירט זײ אפ דער פאשע.

דאָס איז לײבלען ניט געפעלן געוואָרן. א שווערער ייִד. עפשער איז דאָס טאקע דער ייִד, וואָס ליגט בא אים אין דער קאסעטע? און ער האָט זיך גענומען פון זײער ווײַט זיך אויספרעגן באם ייִדן, ווער איז ער, פון וואנען איז ער, ווי איז זײַן פאמילע, צי קאָן ער דאָס שטעטל פעקעליק און צי ווײס ער, אז מען קלײַבט זיך עס ארונטערנעמען און נאָך וואָס פאָרט ער קײן בירעבידזשאן, אָבער קײן קלאָרע טשוווע האָט ער פון אים ניט באקומען,—ייִצכאָק האָט געבורטשעט עפעס פסוקים, און לײבלען איז עס נימעס געוואָרן. ער איז אײַנגעשלאָפן.

אין שלאָף האָט ער געהערט, אָדער עס האָט זיך אים געכאָלעמט, אז ער הערט עפעט א טראסקעניש, א גערודער, א לאָקאָמאָטיוו־פײַפערײַ,—דער גאנצער שלאָף זײַנער איז פול אָנגעשטאָפט געווען מיט אָט דעם טומל. דער שלאָף איז געווען א צעשעדריקעטער און אופכאפן זיך איז ניט געווען קײן קויעך—עס האָט זיך אים שטארק געוואָלט שלאָפן. עס האָט זיך אים אויך געכאָלעמט, אז דעם וואגאָן האָט מען טאקע א שטופ געטאָן ערגעץ אין ווילדע שטײנערנע הײלן אונטער דער ערד און דאָרט

שלײַדערט מען אים און מען װאַרפט אים הין און צוריק, אָן א ברעג און אָן א סאָפ. אן אָפּקומעניש!

גאנצ פרי באגינען, װי נאָר די זונ האָט זיכ ארײַנגעשניטן אינ אלע שמאָלע שפאלטן און קלײנע הױכע פענצטערלעכ פונ װאגאָנ, אזױ האָט זיכ לײבל גלײַכ אופגעכאפּט.

אלע זײַנען נאָכ געשלאָפן. ייִצכאָק מיטן שפּיציקן בערדל איז געלעגן אױסגעצױגנ אפ דער ערד, באם אױװעלע מיטן פּאָנעם ארופ. זײַן בערדל האָט געקוקט מיט איר שפּיצ צו דער סטעליע, דאָס מױל איז געװען אָפן, ער האָט שטארק געכראָפּעט, אָבער עפּעס אזױ מאָדנע, גאָרניט, װי א מענטש, אָפּגעריסן, אָפּגעהאקט, אָט מיט א פײַפ, און אָט מיט א קרעכצ, און אָט מיט א לאנגן כראָפּע, און אָט מיט א קורצן שנאָרכ, און די ליפּן האָבן זיכ בא אים באװעגט, װי ער װאָלט אױכ אינ שלאָפ געבורטשעט עפּעס פונ זײַנע פּסוקים און באקלאָגעניש.

לײבל האָט שטיל אן עפן געטאָן די טיר, ארױסגעשפּרונגען דרױסן, און דאָ האָט ער דערזען, װאָס מען האָט מיט זײ באנאכט אָפּגעטאָן. דער צוג מיט װעלכן זײ זײַנען נעכטן געקומען איז שױן ניט געװען, זײער װאגאָן איז געשטאנען איצט קימאַט אינ סאמע דער מיט פונ גאָר אן אנדער צוג. אינ אָט דעם צוג זײַנען אלע װאגאָנעס געװען פונקט אזױנע, װי זײַנער, מיט פּאָרטרעטן פונ די פירער, מיט פלאקאטן און לאָזונגען, מיט צװײַגן און בלומען דרױסן באפּוצט, מיט בלעכענע קױמענדלעכ אפ די דעכער, מיט הױכע טרעפּלעכ בא די טירן. אלע װאגאָנעס זײַנען געװען נומערירט מיט קרײַד, אפ זײער װאגאָן איז געשטאנען א גרױסע, פעטע, װײַסע ציפער „7“. לײבל האָט ניט באװיזן זיכ ארומצוקוקן, װי אנטקעגן אים איז אױסגעװאָקסן א געגאָלטער מענטש אינ א פּאָר ברײטע, העלע פלױדערן, מיט א ברײטן פּאָנעם, װײכע אױגן און מיט א פּאפּירעסל אינ מױל.

— א גוט-מאָרגן, יונגערמאן,— האָט דער געגאָלטער צו אים געזאָגט און דערלאנגט אים א האנט.—לאָמיר זײַן באקאנט. איכ בינ רעדאקטאָר פונ דער היגער צײַטונג. און דו װער ביסט?

— איכ בינ—לײבל דאָװידס.

— לײבל דאָװידס? זײער אָנגענעם. װאָס איז עס „דאָװידס“—דער טאטע הײסט דאָװיד?

— נײן. דער טאטע הײסט אורעם. דאָװידס—דאָס איז די פאמיליע.

— א פײַנע פאמיליע...

דער רעדאקטאָר האָט נאָכ עפּעס געװאָלט זאָגן, נאָר דאָ איז צו אים צוגעקומען א קלײנ דאר מענטשל מיט א פּאָר קורצזיכטיקע אױגן, א זאָג געטאָן מיט א הײזעריקער שטים:

— הער נאָר, דו װײסט, אז מען האָט דעם אָדעסער װאגאָן פארשלעפּט קײנ ביראָבידזשאַן?

— װאָס עפּעס קײנ בוױבעריק?

— װײַל די ייִדן האָבן געזאָגט, זײ פאָרן קײנ בוױבעריק... איכ לױפ אפּן װאָק-

זאָל... גיי, שמועס זיכ דורכ מיט די בריגאדירנ... זיי קלײַבנ זיכ שוינ דאָרטנ. דאָס
איז דער זיבעטער? דו ביסט פונ זיבעטנ? — האָט ער זיכ געווענדט צו לייבלענ. —
ווי איז דײַנ פאמיליע? דאָווידס? דײַנ טאטע איז בריגאדיר? שיק אימ גלײַכ אהינ,
אָט אהינ, צומ קלאסנעמ וואגאָנ...

דער רעדאקטאָר האָט א מאָדנעמ שמייכל געטאָנ צו לייבלענ אונ איז אוועק.
לייבל איז א ווײַלע געשטאנענ, באקוקט זײַנ צוג, געטראכט: אָט דאָס איז ער?
דער עשעלאָנ קיינ בירעבידזשאנ? יאָ, אָט דאָס מוז ער טאקע זײַנ.

## 6. א מעלוכע אפ רעדער

לייבל איז אוועק גענויער באטראכטנ דעמ צוג. ער האָט געזענ: ניט איינ וואגאָנ
מענטשנ איז געפאָרנ קיינ בירעבידזשאנ — גאנצע זיבעצנ וואגאָנעס. כוצ דעמ — א קיכ,
צוויי סקלאדעס, א וואגאָנ דריטער קלאס, וווּ עס האָט זיכ געפונענ די קאנצעלאריע
מיט דער אמבולאטאָריע מיט דער רעדאקציע, א וואגאָנ פערטער קלאס, וווּ עס זײַ־
נענ געפאָרנ די מוטערס מיט די זויג־קינדער מיט די עלטערע פיצעלעכ, א וואגאָנ־
א שפּיטאָל, — א גאנצער, לאנגער צוג, פול באזעצט מיט טאטעס, מאמעס, קינדער,
איז געשטאנענ גרייט זיכ לאָזנ קיינ בירערבידזשאנ.

— א גאנצע מעלוכע אפ רעדער האָבנ מיר דאָ, — האָט לייבל געהערט, ווי איי־
נער א דערוואקסענער האָט געזאָגט. לייבלענ איז עס געפעלנ געוואָרנ: טאקע א מע־
לוכע. קעדײַ צו וויסנ וויפל מענטשנ פאָרנ. ער האָט געפּרווט טרעפנ, איז עס אימ
ניט געגאנגענ. לויט זײַנע כעזשבוינעס איז אויסגעקומענ, אז דאָ דארפ זײַנ אוואדע
הונדערט פופציק מענטשנ, אונ, ווענ דער טאטע זײַנער האָט אימ געזאָגט, אז מיטנ
צוג פאָרנ גאנצע פינפ הונדערט נעפאשעס, האָט ער זיכ שטארק פארכידעשט.

— אוי, סארא קליינ ביסעלע דאָס זײַנענ די פינפהונדערט מענטשנ!

— נו, לייבל, — האָט דער טאטע געענטפערט, — וואָס רעדסטו, זונדל, אינ בירגער־
קריג האָבנ מיר מיט פינפהונדערט מענטשנ גרויסע שטעט גענומענ... בא אבע מויער
אינ אָטריאד איז קיינמאָל ניט געווענ מער פונ צוויי הונדערט רײַטער...

דער וואגאָנ האָט שוינ איצט אויכ אויסגעזענ אנדערש. מענ האָט אהער ארײַנ־
געשיקט נאָכ איבערוואנדערער אונ מענ האָט אימ איבערגעמאכט אפ א צווייסטאָ־
קיקנ. דאָס איז געווענ א געוויינלעכער לאסט־וואגאָנ, נאָר פונ ביידע זײַטנ האָט
מענ אויסגעלייגט צו צוויי פּאָליצעס. אפ די פּאָליצעס האָבנ זיכ אויסגעלייגט די מענטשנ
מיט די פּעק. געווענ זייער אסאכ פּעק, קימאט מער ווי מענטשנ.

לייבלס טאטע האָט פארנומענ פאר זיכ מיט דער פאמיליע אנ אָרט אפ דער
אויבערשטער פּאָליצע, צו דער וואנט. דאָ איז געווענ א קליינ פענצטערל.

דער הארבסט איז נאָכ ניט ארײַנ אינ די קויכעס. א רעגנדל האָט אָפט גע־
שפּריצט, אָבער ער איז געווענ א ווייכער, א ווארעמער, אָנ א ווינט נאָכ. די זונ
האָט דעמ רעגנ אלע ווײַלע געטריקנט. די זונ האָט אסאכ שײַנ ארײַנגעשיקט אינ
פענצטערל. די זונ איז נאָכגעלאָפנ דעמ עשעלאָנ, ווי א באגלייטערקע, וואָס האָט

פארשפעטיקט צום צוג, אָדער ניט געקאָנט שיידנ זיך מיט די, וואָס זי האָט ארויסבאלייט אינ ווײַטנ וועג ארײַנ. לייבלענ האָט זיך אויסגעדוכט, אז די זונ פּאָכט מיט איר רויט טיכעלע צו זיי. נאָר די בילדער, וואָס זײַנענ אופגעשווומענ אינ זײַנ פאנטאזיע זײַנענ געווענ דורכזיכטיקע, ווי געהאפטע אונ זייער ניט קיינ שטאנדהאפטיקע. אָט האָט זיך אים שוינ אויסגעדוכט, אז די זונ לויפט נאָכ, ווי א פאסאזשיר, וועמענ מענ האָט אינ צוג ניט געוואָלט ארײַנלאָזנ אונ זי איז שטארק ברוגעז, זי יאָגט דעם צוג מיט רויטער סינע אונ, אז זי וועט אים פאקנ,—וועט זי אים אָנגעבנ בא דער אײַזערנער טשופרינע אונ איבערקערנ:— געזענ א כוצפע!—וועט זי זאָגנ.—אוועקסאָרנ אָנ מיר! אונ אָט דוכט זיך אים, אז די זונ לאכט: „אויכ מיר א פאָרעניש! אָט איכ קײַקל זיך אפ מײַנ רויטנ ראָד—אָט דאָס פארשטיי איכ! מײַנ ראָד גרילצט ניט אונ ער גראגערט ניט אונ ער איז אזוי די גרויס, ווי אײַערע הונדערט טויזנט וועלטנ“!

זיי האָבנ גאָר די אויגנ ניט אָפּגעריסנ פונ פענצטערל,—די קינדער.

ניט וויניקער איז געווענ וואָס צו זענ אפ דער ערד. די בילדער אינ פענצטערל האָבנ זיך קעסיידער געביטנ, ווי אפנ עקראנ: פעלדער, פול באלייגטע מיט סנאָפּעס אונ מאשינעס,—דער שניט איז געגאנגענ,—האָבנ זיך געהויבנ אונ געפאלנ, אָט זײַנענ זיי געפלויגנ פונ צוג, ווי די דערשראָקענע פערד, אונ אָט זײַנענ זיי געפלויגנ צום צוג, ווי די מוטיקע הירשנ; דאָס זעלבע איז געווענ מיט די געדיכטע אונ שווארצע שיטערע אונ ווײַסע וועלדער, זיי האָבנ זיך אויכ דערווײַטערט אונ דערנעענטערט אונ די גאָלדענע סאָסנעס מיט די זילבערנע בעריאָזעס האָבנ ארומגעטאנצט ווי די לעבעדיקע באָכערים מיט מיידלעכ, שיר ניט ארומגענומענ זיך; אביסל אנדערש איז געווענ מיט די זאוואָדנ, פול־פארוויקלטע אינ פײַער, דאמפ אונ רויכ,— די זײַנענ געשטאנענ ווי די צוגעשמידטע צו דער ערד, אונ, ווי קליינ די מענטשנ האָבנ ניט אויסגעזענ אפ די זאוואָדנ, האָט זיך דאָכ געפילט: דאָס האָבנ זיי, די מענטשנ, צוגעשמידט די פײַערדיקע ריזנ צו דער ערד, אז זיי זאָלנ געבנ קוילנ אונ מעטאל אונ ברויט אונ אלדאָסגוטס, אונ לייבל האָט זיך עטוואָס געוויגט אונ אונטערגעהויבנ אפ זײַנ אָרט, ווי ער וואָלט עס באוועגט דעם צוג, ווי ער וואָלט דאָס ארײַנגעלייגט זײַנ קויעכ אינ יעדער איינער מאשינע, ווי ער וואָלט עס באשאפנ די גאנצע וועלט, מיט וועלכער ער שטאָלצירט עס איצט אזוי אנטקעגנ דער זונ, וואָס לויפט אים נאָכ מיט א פאריסענער נאָז.

— אײַ־אײַ־אײַ, סארא קויעכ די וועלט פארמאָגט עס!—האָט דאָס ייִנגל אנטציקט, שיר ניט מיט טרערנ אינ גאָרגל געטראכט, אונ, ווענ אפנ דריטנ מעסלעס פאָרנ האָט פריידקע—קוקנדיק אינ פענצטער, א טרייסל געטאָנ מיט די צעפּלעכ אונ א זאָג געטאָנ שטיל, ווי זי וואָלט עפּעס א סטראָפע פונ א ליד ארויסגעזונגענ:

— אײַ, אײַ, לייבעלע, סארא שיינ לאנד מיר פארמאָגנ!

האָט לייבל גלײַכ זיך א קער אָפּ געגעבנ פונ איר אונ פארקרימט מיט דער נאָז:

— א מיידל—דערלאנג נאָר שיינקײַט, ראק שיינקײַט זוכט זי דיר...

פריידקע האָט זיך באליידיקט, א קוק געטאָנ אפ אים, געזאָגט ווי פאר זיכ:

— דו קריגסט א שלעכטע טעווע, לייבל, איידער דו פארשטייסט וואָס מענ

רעדט צו דיר, הויבסטו אָנ קרימענ מיט דער נאָז דערויפ. א כאריפּעס, מיינסטו, ראַק קרימענ מיט דער נאָז? ארויסשטעלנ א פּאָר אויגנ אונ קרימענ מיט דער נאָז?

דאָס האָט אים נאָכ מער באַליידיקט אונ ער האָט זיכ נאָכ מער אָפּגעקערט פונ איר. „ארויסשטעלנ א פּאָר אויגנ", זי מיינט, אז נאָר זי איינע זעט די וועלט אונ וויס די וועלט. פונ וואנענ וויס זי, וואָס ער טראכט? עפּשער האָט ער גאָר א גרויסנ סאָד בא זיכ? אזא סאָד!.. „ארויסשטעלנ א פּאָר אויגנ"... זי מיינט, אז זי טומלט ארומ, איז דאָס שוינ אלצ... אויכ מיר אנ ארבעט: זי העלפט דער מאמענ בא די פּעקלעכ, זי לויפט נאָכ אָנבייסנ אונ מיטיק אינ קיכ, נאָכ וואטע אינ דער אמבולאטאָריע, נאָכ פּאפּיר אינ דער קאנצעלאריע, נאָכ א פלעשל „נארזאנ" פאַר דער מאמענ... אויכ מיר אנ אַרבעט! אָט, ווענ זי וויס ווענג זיינ סאָד, וואָס ליגט בא אים אינ דער קאסעטע, וואָלט זי שוינ אזוי ניט גערעדט... „ארויסשטעלנ א פּאָר אויגנ"... ער האָט זיכ גאָר אינגאנצנ אויסגעדרייט צו איר מיט דער פּלייצע, קיינ וואָרט ניט געוואָלט ארויסרעדנ צו איר, קוימ דערוואַרט זיכ, אז דער צוג זאָל זיכ אָפּשטעלנ, אונ, ווי נאָר דער צוג האָט זיכ אָפּגעשטעלט, אזוי איז ער טאקע גלייכ ארויסגעשפּרונגענ פונ וואגאָנ.

## 7. וואָס איז עס אזוינס א בארמיצווע־באָכער?

דער צוג איז געשטאנענ אפ א פּארוואָרפּענער, קליינער סטאנציעלע. לייבל האָט זיכ ארומגעקוקט אינ אלע זייטנ:

— חו זיינענ מיר דאָס אינ דער וועלט?

פּלוצלינג האָט ער זיכ אָנ עפּעס דערמאָנט אונ זיינ פּאָנעמ איז פריילעכ געוואָרנ. ער האָט ארויסגענומענ פונ דער הינטערשטער קעשענע א קליינעמ שול־קאָמפּאס, אָנגעשטעלט אימ, געפונענ.

— אָט איז צאָפנ...

איצט איז שוינ קלאָר געווענ. ער האָט ארייננעלייגט צוריק אינ דער הינטערשטער הויזנ־טאש דעמ קאָמפּאס, ארויסגענומענ פונ דער צווייטער, אויכ הינטערשטער טאש אנ אלטע צעריבענע קארטע.

— אהא! פּאראנ! דער 544 קילאָמעטער.

איצט איז צייט געווענ זיכ ארומקוקנ ארומ. דריי ליניעס. איינע פּארקערעווועט אפ מיזרעוו, די אנדערע לויפט אפ מיזרעכ, די דריטע ליגט אביסל אָנ א זייט. א זאפּאסנע ליניע. אפ דער זאפּאסנער שטייט דער בירעבידזשאנער עשעלאָנ.

פּלוצלינג איז אימ איינגעפאלנ א מאָדנער געדאנק:

— אונ ווי איז אויב דער צוג האָט זיכ אָפּגעשטעלט דערפאר, ווייל יאפּאָניע האָט אונדז א מילכאָמע דערקלערט? וואָס וואָלט ער, לייבל דאָווידס, געטאָנ אינ אזא פאל? אהא! ער וויס שוינ! אינ אזא פאל דארפ מענ קוידעמקאָל באקוקנ די פּאָזיציע, ווו דו געפינסט זיכ. אזוי האָט מענ פּאראיאָרנ אינ לאגער געלערנט אפ דער מיליטער־שפּיל. גוט. אָט וועט ער זיכ נעמענ באקוקנ די פּאָזיציע. די באנ־ליניעס זיינענ שוינ באקוקט. איצט וועט ער זעג, וואָס עס טוט זיכ ארומ. ארומ איז שטיל. פונ בײדע זייטנ ליגט א געדיכטער וואלד. די טעלעגראפ־דראָטנ הודזשענ א ווײלע

און בלײַבן אויך שטיל. פון וואלד דערטראָגט זיך א פויגל־געזאנג, דער לאָקאָמאָ־טיוו פעכקעט שטיל. די שלאכט גייט ווײַט־ווײַט. איז דאָ, הייסט עס, דער הינטער־לאנד. גוט. דער הינטערלאנד דארף אויך זײַן באוואָרנט. ווי האלט עס איצטער מיטן טאָג?—א קוק אפן הימל—עס גייט צו אָוונט. וואָס הערט זיך אין אָוונט אין הינטער־לאנד, רויִק? יאָ, רויִק. אין אלע וואגאָנעס זײַנען די טירן ברייט צעעפנט. בא די טירן שטייען לייטערלעך. די מענטשן לויפן מיט עמערס צו דער קיך נאָך וועטשע־רע. בא דער וועטשערע הויבט זיך אופ א טומל, א געלעכטער. קיין שלאכט הערט זיך שוין ניט. ווײַזט אויס, אז מען האָט דעם סוינע פארטריבן. וואָס זשע דען? מירן מיט אים גיך פארטיק ווערן. פונדעסטוועגן דארף מען דעם הינטערלאנד היטן. ווײַל אין הינטערלאנד איז דאָך אויך פאראן דער—מיטן אומבאקאנטן פּאָנעם... וואָס טוט זיך עס דאָרטן? א קינד וויינט? די מאמע כאפט עס אפ די הענט און לויפט דערמיט צום מעדפונקט? באם קינד איז דאָס פּנעמל אויסגעשמירט אין בלוט? די מאמע שרײַט:

— ווײ מיר, מײַן קינד האָט מען דערהארגעט אפ טויט!—דארף מען עס אָנקוקן.

לייבל פארגעסט אָן דער מילכאָמע, וואָס יאפּאָניע האָט נאָר וואָס אָנגעהייבן קעגן ראטנפארבאנד און לויפט נאָך נאָך דער מאמען מיטן קינד אפ די הענט.

אין מעדפונקט גיט זיך א וואָרף דער הויכער דאָקטער צו דער מאמען מיט איר קינד. ער כאפט א שטיקל וואטע, טונקט עס אײַן אין שפּירעט, ווישט אויס דעם קינדס פּאָנעם און זידלט די מאמע. לייבל באמערקט, אז דער דאָקטער טוט די אלע זאכן מיטאמאָל, דוכט זיך אפילע, אז אָנגעהויבן האָט ער טאקע פון זידלען זיך.

— נו, נו, וואָס איז שוין ווידער פארא געשריי? און גלײַך איז עס דערהארגעט, און ניט ווייניקער ווי אפ טויט!—אײַ, אײַ, ייִדענע, נא, קוק!—זאָגט דער דאָקטער.

לייבל הויבט זיך אופ אפ די שפּיץ פינגער און קוקט אויך. באם קינד אפן רעכטן בעקל האָט זיך אויסגעלייגט א גאנץ פײַנער ראנץ. דאָס קינד איז געפאלן און צעראצט זיך. איצט האָט עס דער דאָקטער אָפּגעוואשן, באשמירט, קיין בלוט רינט שוין ניט מער, דאָס קינד וויינט שוין ניט, נאָר עס איז צום לאכן: איין בעקל באם קינד איז ריין, פלאמט רויט, דעם ראנץ זעט מען קוים אָן, דאָס צווייטע בעקל איז שווארץ פארמורזעט. מיט א שעמעוודיקן דאנק אין די אויגן טראָגט אוועק די ייִדענע איר קינד מיט די צוויי פארשידענע בעקלעך צוריק צו זיך אין וואגאָן, און דער דאָקטער גיט א כאפ לייבלען באם קאָלנער און גיט אים א טרייסל:

— וואָס איז מיט דיר, באָכערעצ?

— גאָרניט...

— געזונט?

— געזונט...

— איז גיי פון דאנען. גיי, גיי, זונדל. ניטאָ דאָ וואָס צו טאָן פאר דיר.

א ביטערער פארדרוס, ווי א בייזע פליג ביט זיך א דריי ארום לייבלען. אָט־אָט ביט זי א ביס, נאָר לייבל דערמאָנט זיך פלוצלינג אָן דער מילכאָמע מיט יאפּאָניע און ער אײַלט זיך אליין ארויס פון וואגאָן — ער האָט נאָך דעם צוג ניט באקוקט, עפשער האָט מען דעם צוג געשעדיקט?

ווי נאָר ער גייט אראָפּ פון די וואגאָן־טרעפּלעך, אזוי באגעגנט ער א גאנצע

טשאמע ייִנגלעכ. זיי האָבנ אויסגעטראכט א שפיל. זיי האָבנ געפונענ אונטער אייניקע וואגאָנעס דרעטלעכ. די דרעטלעכ הענגענ אפ עפעס א מאשינעריע, וואָס איז באהאלטנ אונטערנ וואגאָנ. זיי האָבנ דערפונדנ: מענ גיט א ציי דאָס דרעטל—הייבט די מאשינעריע אָנ שיפענ. אָפגעלאָזט דאָס דרעטל—איז ווידער שטיל. שוינ אלע דרעטלעכ אויסגעפרוּווט. אלע שיפענ. אפ איינ דרעטל פארהאלט זיכ די טשאמע ייִנגלעכ: סע שיפעט ניט. אלע ייִנגלעכ האָבנ שוינ געצויגנ דאָס דרעטל, איינער איז שוינ אפילע ארונטערגעקראָכנ אונטערנ וואגאָנ—סע שיפעט ניט אונ גאָר.

— אהא! עס איז טאקע קאליע דער צוג!—טראכט לייבל.

— ווער האָט קאליע געמאכט?—גיט ער בייז א פרעג בא די ייִנגלעכ.

— עס איז לעכאטכילע קאליע געווענ, עס האָט קיינ איינ שיפע ניט געטאָנ, — ענטפערנ אלע מיטאמאָל.

— קומט אוועק,—זאָגט א געלער יונג,—מענ וועט נאָכ זאָגנ, אז דאָס האָבנ מיר...

— דער נאטשאלניק גייט, דער נאטשאלניק גייט,—צעשרייַט זיכ דער געלער יאט אונ לויפט אוועק אונ אלע, כוץ לייבלענ לויפנ אים נאָכ.

לייבל בלייַבט אליינ נעבנ דרעטל. אָט וועט צוקומענ אהער דער נאטשאלניק, וועט ער אים זאָגנ. נאָר דער נאטשאלניק דרייט זיכ אום פונ מיטנ וועג אונ גייט אוועק צוריק. לייבל גיט א ציי דאָס דרעטל. דערנאָכ קריכט ער ארונטער אונטערנ וואגאָנ.

— נו, זאָגט ער צו זיכ אליינ אונטערנ וואגאָנ.—דאָס איז גאָרניט, דאָס איז דער טאָרמאז. ער איז טאקע קאליע.

ער לאָזט זיכ גיינ צום לאָקאָמאָטיוו, זאָגנ דעם מאשיניסט. אפנ וועג באגעגנט אים איינער א יונג. ער שטעלט אים אָפ.

— גיי ניט ווייַט, יונגערמאנ,—זאָגט ער צו אים,—מיר פאָרנ באלד אָפ.

— ניינ,—ענטפערט לייבל,—מיר וועלנ ניט פאָרנ.

— וואָסי עפעס? — פרעגט דער יונגערמאנ אונ א גאָלדענער צאָנ גיט בא אים א שייַנ.

א טאָרמאז איז קאליע.

— ווו?

— אָטאָ.

— פונ וואנענ ווייסטו, אז דאָס איז א טאָרמאז?—גיט א פרעג דער יונגערמאנ נאָכדעם, ווי ער איז ארויסגעקראָכנ פונ אונטערנ וואגאָנ.

— איכ האָב באקוקט אונ פארשטאנענ.

— אָ—וואו!—זאָגט דער יונג.—באקוקט אונ פארשטאנענ! ווי אלט ביסטו עס, וואָס דו קאָנסט שוינ באקוקנ אונ פארשטיינ.

— אינ ווענ וועט מיר ווערנ דרייַצנ.

— דרייַצנ? א בארמיצווע־באָכער, הייסט עס?

— א וואָס, זאָגט איר?

— א בארמיצווע־באָכער, זאָג איכ.

— וואָס איז עס אזוינס—א בארמיצווע־באָכער?

דער יונגערמאנ האָט א קוק געטאָנ אפ לייבלענ, אָנגענומענ אים פאר די אקסלענ, אוועק מיט אים צום מעכאניקער. אפנ וועג האָט ער צו אים געזאָגט:

— א בארמיצווע־באָכער — דאָס איז א יונג, וואָס דארפ שוינ קאָנענ האלטנ אנ אויג אפ דער וועלט. ער קאָנ נאָכ זײַנ א קינד צווישנ קינדער און ער קאָנ שוינ זײַנ א מענטש צווישנ מענטשנ.

לייבל איז זייער צופרידנ מיטנ יונג און ער פארשטייט, וואָס ער האָט צו אים געזאָגט. פונדעסטוועגנ קאָלזמאנ דער יונג רעדט מיטנ מעכאניקער, כאזערט ער דערווײַל איבער אינ זיקאָרנ: „א קינד צווישנ קינדער, א מענטש צווישנ מענטשנ“.

אפ צוריקוועגס פרעגט בא אים דער יונג:

— פונ וואנענ פאָרסטו?

— פונ אוקראַינע. פונ שטעטל פעקעליק.

— וי זשע פאָרט זיכ דיר עפעס?

— אומעטיק. איכ האָב ניט וואָס צו טאָנ. — שיסט ער אויס.

— אָ־וואָ! וואָס רעדסטו! — שטעלט זיכ אוש אָפ דער יונג אפ א ווײַלע. — וואָס הייסט — אומעטיק?

— נו, ניטאָ קיינ ארבעט. ניטאָ וואָס צו לייענענ. — שיסט ער ווידער ארויס, כאָטש ער האָט גאָרניט געטראכט צו לייענענ. ווי לייענט מענ עס אינ אזא וועג? אינ אזא וועג דארפ מענ קוקנ...

— אָט איז דער זיבעטער וואגאָנ דײַנער. — ווײַזט אים דער יונג. — אײַערער? — פרעגט ער בא א פרוי, וואָס קוקט פונ וואגאָנ ארויס.

— מײַנער, — ענטפערט זי מיט א שמייכל און איז שוינ גרייט צו אויסהערנ א פרײַנטלעכנ אויסרייד פאר איר לייבלס שטיפערײַענ, נאָר דער יונג שמייכלט באָר צו לייבלענ און פרעגט בא אים:

— איז ווייסטו שוינ, וואָס איז עס אזוינס א בארמיצווע־באָכער? גוט. יאָ, שיר ניט פארגעסנ — א בארמיצווע־באָכער קענ זיכ שטענדיק און אומעטום געפינענ אנ אינטערעסאנטע ארבעט. קום ארײַנ מאָרגנ צו מיר, מירנ א שמועס טאָנ וועגנ דאָס און יענץ... דו קומסט? נאָ! — האָט ער אים ארײַנגעשטעקט א האנט.

— איכ וועל קומענ. — האָט לייבל געענטפערט און א דריק געטאָנ זײַנ האנט מיט עפעס אנ איבערגעטריבענער פאני־בראטישקײַט. ער האָט זיכ טאקע דערפילט אפ א האָר און עפשער מער נאָכ אפילע — אויסגעוואָקסנ.

## 8. לידער און טענץ

דער אָוונט פאלט האסטיק פונ די טונקלווערנדיקע הימלענ אפ דער ערד. אינ די וואגאָנעס צינדט מענ אָנ ליכט. אָנגעצונדנ די ליכט, זעצט מענ זיכ אויס אפ די בענק און מענ נעמט זיכ זינגענ לידער. די יוגנט זינגט די „וואָלאָטשײַעווקע“, „פראָשטשײַ מוי מאלטשיק, ניע רידײַ“, „ראָדינא“, „סערדצע“, גיי איכ מיר ארויס אפנ גאניקל“ און אנדערע. די עלטערע — „דאָס קינד ליגט אינ וויגל“, „איכ וועל שוינ מער ניט גאנווענענ“ און נאָכ — מערסטנס פאָלקס־לידער. פאראנ ליבהאָבער, וואָס דערלאנגענ אויכ כאזאָנישע שטיקלעכ. אלע וואגאָנעס זײַנענ פול מיט געזאנג. דער

צוג שטייט נאָכ אונ דער געזאנג שפּרייט זיכ ווײַט ארום, דער געזאנג ציט צו די אַנדערהאלבנ צענדליק ארבעטער אונ אָנגעשטעלטע פונ דער קליינינקער סטאנציע. זיי שטייענ איינ קופּקעלעכ אנטקעגנ די אָפענע וואגאָנעס, זיי הערנ זיכ צו אונ שמייכלענ מיט יענעמ פרײַנטלעכנ שמייכל, וואָס באווײַזט זיכ שטענדיק בא מענטשנ, ווענ זיי טרעפנ זיכ אומגעריכט מיט געקומענע פונ ווײַט, פארפרעמדטע, אָבער אייגענע אונ נאָענטע פרײַנט מיט וועלכע מענ קאָנ האָפנ פריילעכ אפ וועטשערינקעס אונ גיינ צוזאמענ איינ שלאכט.

צעזונגענ זיכ, ווי עס באדארפ צו זײַנ, לאָזט מענ זיכ א טאנצ. אָנגעהויבנ דעמ טאנצ האָבנ גראָד די עלטערע.

— א־א־אכ, מיילע!—גיט א זאָג לייבלס טאטע, גיט א הויב א האנט אונ צעטרפעט זיכ מיט די פיס אפ איינ אָרט נאָכ דערווײַל.

אינ אָנהייב טאנצ צעפּײַפט זיכ דער לאָקאָמאָטיוו, גיט א ריס די וואגאָנעס, גיט א טרייסל זייערע הילצערנע לײַבער אונ שלעפּט זיי אוועק.

לייבל פארקלײַבט זיכ אפ דער אויבערשטער פּאָליצע, ער גיט א קוק דרויסנ. די נאכט ליגט שוינ נידעריק איבער דער ערד. דער צוג לויפט שוינ גאנצ שנעל. אָט גיט ער זיכ א קערעווע, דער צוג בויגט אויס א זײַט אונ לויפט אזוי א שטיק וועג. די סאָדערשטע וואגאָנעס גיבנ זיכ פלוצלינג א שטעל פאר לייבלס אויגנ. די נאכט איז א וואַרעמע. די טירנ אינ אלע וואגאָנעס זײַנענ אָפנ. ליכטלעכ שײַנענ אינ די לאָמטערנעס בא די טירנ מיט א פלאטערנדיקער שײַנ. א געזאנג טראָגט זיכ פונ די אָפענע טירנ. דער געזאנג איז אזוי הויכ אונ די טופעריײַ איז אזוי שטארק, אז לייבלענ דוכט זיכ, אז אויכ די רעדער זינגענ מיט אונ טאנצנ מיט.

— טא־טא־טא־טא, טא־טא־טא־טא, טא־טא־טא־טא, טא־טא־טא־טא...

לייבל גיט א קוק אפ הינטנ. דאָס זעלבע איז אויכ אינ די הינטערשטע וואגאָנעס. דער צוג לויפט איצט, ווי אנ אויסגעבויגענע פּאָדקעווע. אינעווייניק, אינ העכסטנ שפּיצ פונ דער פּאָדקעווע, שטעקט לייבלס קאָפּ. אפ א ווײַלע דוכט זיכ אויס דעמ ייִנגל, אז דאָס פּאָרט אנ ארמיי אינ דער שלאכט ארײַנ אונ ער איז קאָמאנדיר, אונ ער שטייט אינ דער שפּיצ, אונ ער איז צופרידנ, וואָס זײַנ ארמיי פּאָרט אינ דער שלאכט ארײַנ מיט געזאנג אונ טענצ—א פריילעכע ארמיי!

א פרישע ווינטל ציט פונ די ארומיקע פעלדער אונ לייבל נעמט ארויס זײַנ קאָפּ פונ פענצטערל.

אינ לייבלס וואגאָנ איז נאָכ היימלעכער אונ ליכטיקער, ווי אינ אנדערע. דער טאטע האָט אָנגעצונדנ נאָכ איינע, זײַנע אנ אייגענע ליכט, וואָס ער האָט נאָכ פונ דער היימ מיט זיכ מיטגענומענ. דעמ טאטנ איז איצט ניט צו דערקאָנענ. לייבל האָט ביז איצט גאָר ניט געוווּסט, אז ער ווייס אזויפיל לידער—ייִדישע, אוקראַיִנישע, פּוילישע אפילע. לייבל האָט אימ קיינמאָל ניט געזענ אזוי טאנצנדיק. ווי צו טאנצנ איז קימאס ווי ניסאָ. אינ מיטנ וואגאָנ שטייט דאָס אייוועלע. ארומ אונ ארומ זיצנ די מענטשנ אפ בענק. קעפּ הענגענ אראָפּ פונ די אויבערשטע פּאָליצעס. אָבער די אַנדערהאלבנ שפּאנ, וואָס זײַנענ פאראנ ארומ אויוועלע, נוצט אויס דער טאטע, ווי אנ אקראָבאט. ער גייט מיט דער מאמענ א שער, א ברויגעז־טאנצ, א קאָזאטשקע אפילע. פריידקע זיצט אנטקעגנ, אונטנ, אונ, א פארפלאמטע פּאטשט זי אינ די הויפּנס.

די צעפלעכ אירע ווארפנ זיכ, די אויגלעכ מיט די צײנדלעכ שײַנענ, אונ זי היצט שטארק אונטער.

— מאמע, מאמע, לאָז זיכ ניט!—שרײַט זי, ווענ איר דוכט זיכ, אז דער טאטע טאנצט זי אריבער. אָדער:—טאטע, טאטע, אײַ, טאטע, הינטערשטעליק געבליבנ...

— א שאָד... טאנצנ קאָנ איכ ניט...—גיט לײבל א טראכט מיט שטילנ פארדרוס. אונ, ווײַזט אויס, אפ צו טרײסטנ זיכ, נעמט ער זיכ טראכטנ, שפּילנ זיכ מיט זײַנע באהאלטענע געדאנקענ:

אינ בירעבידזשאנ וועט מענ אונדז אוואדע באגעגענענ מיט מוזיק אונ מיט א פאָנ...—טראכט ער.

— שא־נאָר, אונ מיר פירנ מיט זיכ א פאָנ? א שײנע ארמײ אָנ א פאָנ! ניט פארגעסנ מאָרגנ פרעגנ בא עזרענ.— ער האָט אינ זינ דעמ יונג מיטנ גאָלדענעמ צאָנ, וואָס האָט אימ געגעבנ צו דערקלערנ, וואָס איז עס אזוינס א בארמיצווע־באָכער.

— טשיקאווע צו וויסנ—שפּילט ער זיכ ווײַטער מיט זײַנע געדאנקענ,—סטאלינ ווײס וועגנ אונדזער עשעלאָנ?

— אונ וועגנ בירעבידזשאנ?

— וועגנ בירעבידזשאנ מוז ער זיכער וויסנ. נאָר וועגנ עשעלאָנ קאָנ זײַנ, אז ניט. אײנ עשעלאָנ, מײנסטו, טראָגט זיכ איבער אונדזער לאנד?

— וועגנ „טשעליוסקינ“ האָט ער אלצ געוווּסט...

— נו, „טשעליוסקינ“ איז געווענ אײנער...

— אונ פארוואָרפנ אינ דער אײַז־וויסטע...

— „טשעליוסקינ“ האָט א העלדישע ארבעט אָפּגעטאָנ...

— „טשעליוסקינ“ איז אפ דער גאנצער וועלט באוווּסט..

— אונ מיר?

— אָט, ווענ עס זאָל טאקע זײַנ א מילכאָמע, וואָלטנ מיר אויכ אפ דער גאנצער וועלט באוווּסט געוואָרנ...

— פונדעסטוועגנ וואָלט גוט געווענ, אז סטאלינ זאָל וויסנ וועגנ אונדזער עשעלאָנ אויכ...

— אוואדע ווײס ער...

— וועגנ אלצ ווײס ער...

— אונ וועגנ אומבאקאנטנ פאָנעמ, וואָס ליגט בא אימ אינ דער קאסעטע—אויכ?

דאָ איז שוינ לײבל אינ יענעמ צושטאנד, ווענג וועלכנ עס איז שווער צו זאָגנ: דו טראכסט, אָדער דיר כאָלעמט זיכ, אז דו טראכסט. ער איז שוינ טאקע קימאַט ווי אײַנגעשלאָפנ.

דורכנ שלאָפ הערט ער ווי עפּעס א ווײכע, ווארעמע מאסע זעצט זיכ נעבנ אימ אוועק אָדער לײגט זיכ אוועק. לויט דער ווײכקײַט אונ לויט דער ווארעמקײַט פונ די הענט, וואָס פאָרענ זיכ בא זײַנע קנעפּלעכ, דערקאָנט ער, דורכנ שלאָפ זײַנ מאמע. ער הערט אויכ דורכנ שלאָפ, ווי די מאמע זאָגט צו עמעצנ:

— זע נאָר, ווי דאָס קינד איז אײַנגעשלאָפנ—אינ די זאכנ.

— איכ בינ נאָכ בא איר אלצ „דאָס קינד“,— טראכט ער מיט עפּעס א גע־

שמידטן פּאַרדרוס, גיט זיך אַ דריי, וויל פּראָטעסטירן, אַליין זיך אויסטאָן, נאָר דאָ הילט אײַן זײַן לײַב אוא וואַרעמע, אַנגענעמע פרישקײַט—די מאַמע האָט אים אײַן אַ רײנער קאָלדרע אײַנגעוויקלט,—און דער לויפנדיקער צוג, אַ פול אָנגעשטאָפּטער מיט געזאַנג און טענץ וויגט אַזוי געשמאַק אײַן, אַז ער שלאָפט גלײַך טיף אײַן.

## 9. דער אָנהייב—דער בעזים

באַגינען שטייט ער ווידעראַמאָל אויף קימאַט דער ערשטער. דער צוג שטייט שוין ווידער.

דער טאָג גייט אויף מיט זון, מיט פּראַכט, מיט טוי און רו. ערגעץ ווײַט־ווײַט קרייט אַ האָן.

— די גאַנצע וועלט איז איין שטוב פאַרן מענטשן.—דערמאָנט זיך לייבל זײַן מאַמעס אַ שפּריכוואָרט.—אָט קרייט דאָ אויך אַ האָן.

רעכטס הענגט אַ הויכער באַרג באַוואָקסן מיט קוסטעס. לינקס, ווײַטלעך, שלענגלט זיך אַ לויטערער טײַכל. איבערן טײַכל הענגט אַ געדיכטער בעריאָזע־וועלדל.

דער צוג שטייט אַ צוגעטוליעטער צום באַרג.

לייבל שפּרינגט אַרויס פון וואַגאָן.

— דער פינפטער טאָג וועג הייבט זיך הײַנט אָן...—גיט ער אַ טראַכט.

ער גיט אַ שטעק די הענט אין די קעשענעס און גייט אַוועק צום טײַכל. די קעשענעס זײַנען ליידיק. דאָס פאַרדריסט אים. ניטאָ מיט וואָס צו שפּילן. ער האָט זיך, עמעס, דערמאָנט, אַז אין די הינטער־קעשענעס פון די הויזן האָט ער ליגן דעם קאָמפּאַס מיט דער קאַרטע, אָבער דער קאָמפּאַס איז אים איצט איבעריק—ער זעט אַזוי אויך, וווּ מען איז אין דער וועלט—די זון הענגט גלײַך פאָרויס זייער נידעריק איבער דער ערד, דער צוג שטייט מיטן קאָפּ צו דער זון, הייסט עס—מיר פאָרן אַף מיזרעך, אַף דער וויאָרסט־בודקע הענגט אַ שילדל: „588", הייסט עס, פאַר דער נאַכט האָט מען געמאַכט 44 קילאָמעטער, און דאָס פאָטאָ־אַפּאַראַטל מיט די קאַסעטן באַהאַלט ער פאַר בירעבידזשאַן, ער וועט אַראָפּנעמען די בוידזנבעס אין דער טײַגע און וועט עס שיקן זײַן כאַווער יאָשקע שפּיצבאַרגן. ער דערפילט זיך דערפון זייער גוט, וואָס ער וועט שיקן די בירעבידזשאַנער פאָטאָגראַפיעס קיין פּעקעליק, אָבער דערווײַל איז אומעטיקלעך—ניטאָ אין וואָס צו שפּילן.

און פּלוצלינג פאַלט אים אײַן:

— לאָמיר שפּילן אַזוי:

— ערשטנס—כאַפּן דעם ייִד אין וועג, וועמענס אומבאַקאַנטער פּאָנעם עס ליגט אין דער קאַסעטע,—ער וועט עס מאַכן אַזוי: אַף אַ גרויסער סטאַנציע וועט ער גיין צו אַ פאָטאָגראַף און הייסן אים אָפּדרוקן דעם פּאָרטרעט און לויטן פּאָרטרעט וועט ער אים שוין געפינען;

— צווייטנס—דערוויסן זיך, וואָס איז עס פאַר אַ ייִד מיט דער שפּיציקער באָרד און מיט די גרינע אויגן, וואָס האַלט אין איין פּלאַפּלען וועגן מאַשיִעכן;

דריטנס—פרעגן בײַ עזרען וועגן דער פּאָן;

פערטנס — קלאָר מאכן וועגן דער מילכאָמע מיט יאפּאָניע;

פינפטנס — וועגן די אלע זאכן — כוץ דעם אומבאקאנטן פּאָנעם — שרײַבן אין דער צײַטונג, ווי דער רעדאקטאָר האָט געבעטן: „שרײַב, וואָס דו ווײסט און וואָס עס קומט דיר אין קאָפּ ארײַן, וועלן מיר עס אין צווייען איבערלייענען. וועט עס טויגן, וועלן מיר עס אָפּדרוקן, וועט עס ניט טויגן — וועלן מיר עס ארויסוואַרפן און אָנשרײַבן אזוינס, וואָס וועט טויגן";

זעקסטנס — ארײַנעמען אין דער גאנצער שפּיל טאקע דעם רעדאקטער אויך.

מיט אזוינע געדאנקען קומט ער צו צום טײַכל. פון די קוסטעס קומט אים אנטקעגן ארויס א ייִד מיט א נאָר וואָס אויסגעבונדענעם ריטער־בעזים אין די הענט. דער ייִד טרייסלט מיטן בעזים אין דער לופטן, גלעט עס און צערטלט עס, ווי אן אייגענע באָרד. לייבל גייט צום ברעג, וואַרפט אראָפּ פון זיך דאָס העמדל מיטן האלדז־טוך, ציט זיך אויס א האלב־נאקעטער אפ דער ערד, טונקט אײַן דעם קאָפּ אין וואסער, וואשט זיך אײַן. דערנאָך נעצט ער אײַן דעם האנטעך, רײַבט זיך אויס די ברוסט מיט דער פּלייצקע.

דער ייִד מיטן בעזים אונטערן אָרעם שטייט און קוקט.

אויסגעווישט זיך אפ טרוקן, טוט זיך לייבל אָן און גייט אוועק צום צוג. דער ייִד יאָגט אים אָן, גיט א טרייסל מיטן בעזים פאר זײַנע אויגן, גיט א פרעג בא אים:

— א גוטער בעזים?

— א גוטער. — ענטפערט לייבל. — איר האָט עס נאָר וואָס געמאכט?

— אָט ערשט. לאָמיר זײַן באקאַנט. איך בין אבע טויב. דו ביסט לייבל דאַווידס. שוין פיר טעג, אז איך קאָן דיך. דו שליאָנדרעוועסט זיך ארום פוסט און פּאס, און איך האלט דיך אפן אויג... לאָמיר אָנהויבן מיט דיר, קליינער, פון בעזים. דו גיי מאכ זיך א בעזים און גיב מיר דערווײַל דײַן האנטעך.

— אפ וואָס דארפט איר דעם האנטעך?

— איך וויל אויך מאכן טואַלעט. וואָס איז, מײַן נעשאָמע איז א ראָזינקע? און א בעזים דארף מען אפ אויסקערן די שטוב. ווי אין פּאָסעק שטייט — א בעזים און א קער... נו, גיב, שעם זיך ניט...

— נעמט אן אייגענעם.

— איך האָב ניט, איך בין אן אָרעמאַן.

— ס'אַליגן, — זאָגט לייבל מיט סינע, — קיין אָרעמעלײַט זײַנען איצט ניטאָ.

— און איך בין פאראַן. אָט זעסטו דאָך! — ענטפערט אבע טויב און גיט זיך א שטעל אנטקעגן אים, ער זאָל אים גוט אָנקוקן.

לייבל שעמט זיך ניט, קוקט אָן דעם ייִדן אבע טויב און זעט: טאקע, אן אָפּגע־ריסענער, א פארמורזעטער, א פארוואָקסענער, א פולער פּאָנעם מיט אָפּגעשווירענע נאָדלען און קנייטשן. און די צורע — א זויערע — זויערע, ווי ער וואָלט געהאלטן א צעקוועטשטע לימענע אפ דער צונג. א גליק, וואָס דער אבע האָט אויגלעך: די אויגלעך — קליינינקע, שטעכיקע, אָבער פריילעכע, ווי בא אזא וואָס טרינקט אסאך ווײַן, נאָר ווערט קיינמאָל ניט שיקער. אין די אויגן איז א פארגעניגן ארײַנצוקוקן: זיי פּליִען ארום פלינק און פריילעך ווען דער אבע דערציילט עפּעס און עס דוכט זיך, אז

הינטער זיי ליגן יאַמעס, טײַכן, וועלדער, מײַסעס, געשיכטעס, אָן א ברעג און אָן א סאָף. אבער איז שוין איצט לײבלען געפעלן און ער זאָגט צו אים מיט גינציקײַט:

— נאָט אײַך, נאָר ער איז נאַס.

— דאָס איז גאָרניט,—ענטפערט אבער און גייט אוועק צום ברעג זיך וואַשן.

לײבל שניצט זיך מיט אבערס מעסערל ריטער אף א בוים. ער מאַכט עס מיט טאָלק. אים ווילט זיך, אז זײַן בוים זאָל זײַן נאָך בעסער פאַר אבערס. אבער וואַשט זיך לאַנג, ווי אומישנע, אז לײבל זאָל האָבן גענוג צײַט אף צו מאַכן א ברייטן, שיינעם בוים. געענדיקט דעם בוים, דערזעט לײבל דעם אבערן א ווישנדיקן זיך נעבן אים. פון אונטערן האַנטעך גיט ער א פרעג בא אים:

— נו, וואָס האָט זיך באַקומען?

— אָט,—ווײַזט לײבל.

— פײַן...—זאָגט אבער.—ביכלאַל איז דאָ אַלץ פײַן... געווען א שיינקײַט?—ווײַזט ער מיט די פאַרוויקלטע הענט אין האַנטעך אף ן ווערלל מיטן טײַכל.

— געווען נאָך שענערע ערטער.—ענטפערט לײבל.

אויסגעווישט זיך, טרייסלט אבער אויס דעם האַנטעך, לייגט אים צונויף אין א טאָרבל, קערט עס אום לײבלען, נעמט בא אים דאָס מעסערל, לייגט עס אַרײַן אין קעשענע, פאַרקאַמט זיך מיט די פינגער די האָר אפן קאָפּ און פּלוצלינג גיט ער א זאָג צום ייִנגל:

— איך וועל דיר זאָגן דעם פאַראָל: „דער אומבאַקאַנטער פּאָנעם“.

לײבל פאַרלירט זיך. ער גיט א שטאַמל:

— דאָס זײַט איר... יענער ייִד?

— דאָס בין איך... יאָשקעס פעטער. איך ווייס, וואָס ער האָט דיר געזאָגט. לאָמיר צוזאַמען זוכן.

— וואָס ווילט איר?—ווערט לײבל אזוי בייז, אז ער צעוויינט זיך שיר ניט. אים פאַרדריסט, וואָס ער האָט שיר דעם סאָד ניט אַרויסגעגעבן.

— כאָווער זײַן מיט מיר ווילסטו?

— אז איך ווייס ניט, וואָס איר רעדט צו מיר.—ביטרעוועט לײבל.—עפעס אַן אומבאַקאַנטער פּאָנעם... איך ווייס ניט וואָס איר מיינט, איך ווייס ניט ווער איר זײַט, איך ווייס ניט, וואָס איר ווילט פון מיר...

— עהע!—גיט אבער טויב א זאָג מיט א פריילעכן ווונק פון די אַרומלויפנדיקע אויגלעך.—עס איז דאָך דאָ פאַר דיר א פּאָשעטער ווער: באַם נאַטשאַלניק פון עשעלאָן געפינען זיך אַלע פּאַפּירן... גיי אַרײַן צו אים, גיב אים א פרעג: ווער איז אבער טויב וועסטו שוין אַלץ וויסן... אגעוו, קאָן מיך דײַן טאַטע, נאָר יאָשקע האָט דאָך אָנגעזאָגט: ניט דערציילן קיינעם—קיינעם ניט...

— וואָס גייט עס מיך אָן, ווער איר זײַט? זײַט זיך ווער איר זײַט...

— אײַ, אײַ־אײַ־אײַ!—קנאַקט אבער מיט דער צונג.—טס־טס! פײַער! פײַער! פײַער אָן פלאַם! דער סאַמע געפערלעכסטער פײַער... שאַ, ווייסטו גאָר וואָס, איך וועל דיר דערציילן א מײַסעלע,—ווערגן א מילכאָמע צווישן ריזן. זייער א טשיקאַווע מײַסעלע... געווען אמאָל א ריז גיבמיר, וואָס האָט מילכאָמע געפירט מיט דער גאַנצער וועלט. א האַלבע וועלט האָט ער שוין געהאַט אײַנגענומען... אײַנגענומען די האַלבע

וועלט, האָט ער פארגעסן, אז עס איז דאָ נאָך א האלבע וועלט. האָט ער זיך גענומען
פראווען א מאָלצייַט מיט וויַין לעקאָוועד דעם גרויסן ניצאָכן, וואָס ער האָט אָפּגע־
האלטן איבער דער האלבער וועלט. אפן מאָלצייַט האָט ער צונויפגערופן אַלע פעל־
קער, וואָס ער האָט באזיגט. די פעלקער האָבן א ברייטע געהאט קומען. זיי האָבן
זיך, נעבאך, געמוזט אונטערגעבן. אין דער שטיל אָבער, פארן קומען אפן מאָלצייַט
האָבן זיי זיך אן אייצע געהאלטן צווישן זיך: ווי ברענגט מען א טויט אפן ריז
גיבמיר? דער ראמע האָט געזאָגט: מען דארף אים אָנשיקערן און א שיקערן דער־
שטעכן; דער סאמי האָט געזאָגט: מען דארף אים מיט ליבשאפט קושן אין די ליפן
און קושנדיק—סאם אין מויל אים ארייַנקושן; דער הוזרי האָט געזאָגט: מען דארף
אים אין די הויכע בערג פירן, דאָרט ווינט דער אָדלער „שטאָלענער שנאָבל״, ער
פיקט אויס מיט איין שנעל די אויגן מיטן מארך צוואמען; דער כורזע האָט געזאָגט:
מע דארף אים אף די הענט אזוי לאנג טראָגן, ביז די פיס זאָלן בא אים געליימט
ווערן. דאָס אַלץ איז ניט געפעלן געוואָרן סייכלען דעם ערשטן,— דעם סאמע
קליגסטן אַלטן מאן פון די אונטערדריקטע פעלקער. קיין וויַין וועט ער ניט טרינ־
קען,—האָט דער אלטער סייכל געזאָגט,—קושן זיך וועט ער ניט לאָזן, אין די בערג
וועט ער ניט גיין און בא אונדז אף די הענט זיך האלטן וועט ער אוודע ניט
וועלן, ווייַל אַלע ריזן זייַנען גרויסע פאכדאָנים און זיי היטן זיך אָפּ זייער שטארק.
ניין,—האָט סייכל געזאָגט,— אן אייצע קאָן אונדז געבן נאָר דער אומגליקלעכער
צווישן אונדז רעשטל מוט. מוט איז אויך געווען אמאָל א ריז. ער האָט זיך גע־
האט געשלאָגן איינס־אף־איינס מיט גיבמיר דעם ריז און סייכל אליין איז אויך גע־
ווען אמאָל א ריז, אָבער ער האָט געלעבט לענגער, וויפל א ריז קומט צו לעבן,
דעריבער האָט ער איצט פארמאָגט נאָר פארשטאנד. דעם קויעך האָט ער פארלאָרן
אין דער מינוט, ווען ער האָט געדארפט שטארבן און האָט איַינגענומען און בייַגע־
קומען דעם טויט, ניט געוואָלט שטארבן. נאָר מיט מוטן האָט געטראָפן אן אומ־
גליק: ער איז ניט געווען אזוי אָפּגעהיט, ווי א ריז דארף זייַן און ער האָט זיך געשלאָגן
מיטן קויעך פון א ריז און מיטן פארשטאנד פון א קלוגן מאן. האָט אים איינער
פון זייַנע כייַעל פאראטן און אראָפּגעוואָרפן פון פערד. און אז א ריז פאלט אראָפּ
פון פערד, טאָר ער זיך ניט אופהויבן און מוז ליגן אפן בארעט פון זייַן סוינע. וואָס
ער וויל דאָס טוט מיט אים דער סוינע. גיבמיר דער ריז האָט בלויז געוואָלט די
רעכטע האנט אָפּהאקן בא מוטן דעם ריז. זאָל ער ארומגיין א באדעקטער מיט שאנד
איבער דער ערד און זאָלן אַלע אים אויסלאכן און אויסשפּאָטן. איז אָבער מוט דער
ריז געווען א יונגער און א העלדישער, ניט ווי אַלע ריזן ביז אים. איז ער אופ־
געשפרונגען פון דער ערד, ווי נאָר ער איז פון פערד אראָפּגעפאלן, און ווידער זיך
גענומען שלאָגן מיט גיבמיר דעם ריז. דאָס איז געווען אן אומדערהערטע כוצפּע
און א גאָטס־לעסטערונג. האָט אים גיבמיר דער ריז דערפאר אָפּגעהאקט בײדע פיס.
אָבער מוט האָט זיך ניט אונטערגעגעבן—ער האָט זיך געשלאָגן מיט די הענט. האָט
זייַנע כייַעל אָש געשאָטן אף זייערע קעפּ, און גיב מיר האָט מוטן דערפאר אָפּגעהאקט
בײדע הענט. האָט מוט געפרוווט רעדן מיט דער צונג, האָט מען אים די צונג אויס־
געשניטן; האָט ער געפרוווט וויַזן מיט די אויגן, ווי זיך צו שלאָגן, האָט מען אים
די אויגן אויסגעשטאָכן. און געגעבן א מיִעסע צונעמעניש—רעשטל. און צו דעם

אַלעמ האָט נאָכ גיבמיר די באַזיגטע פעלקער באַפוילנ זייער רעשטל מוט צו אים אַפּנ מאָלצײַט ברענגענ און אים צו די פיס לייגנ.—א ריז, וואָס האָט אַזויפיל אויסגעליטנ און ניט געוואָלט שטאַרבנ,— האָט דער אַלטער סייכל געזאָגט,— מוז וויסנ אַנ אייצע, ווי צו ברענגענ א טויט אַפ גיבמיר דעמ ריז, לאָמיר בא אים פרעגנ.— מוט, אונדזער מוט,— האָט סייכל צו אים די הענט אויסגעצויגנ,—גרויסער רעשטל מוט, וואָס זאָלנ מיר טאָנ אַפ טויטנ דעמ ריז און באַפרײַענ אונדזערע פעלקער פונ דער גרויסער פאַרשקלאַפונג. רעשטל איז געלעגנ שטומ. בלויז די ברעמענ איבער זײַנע אויסגעשטאָכענע אויגנ האָבנ א פלאַטער געטאָנ,—איכ הער אַנ ענטפער.—האָט געזאָגט סייכל דער קלוגער.—רעשטל זאָגט, אַז מיר אַלע זײַנענ ריזנ און אויב יעדער איינער פונ אונדז וועט זיכ שלאָגנ אַזוי, ווי מוט, וועלנ מיר גיבמיר דעמ ריז, דעמ פאַכדנ און דעמ באַטריגער גיכ בײַקומענ. עמעס זאָג איכ,—רעשטל?—האָט געפרעגט דער אַלטער סייכל. רעשטל, וואָס איז געלעגנ אָנ הענט און אָנ פיס, מיט אויסגעשטאָכענע אויגנ און מיט אָפּגעשניטענע אויערנ, אַפ די הענט בא זײַנ זונ,האָט ווידראַמאָל א צאַפל געטאָנ מיט א ברעמ, און דער אַלטער סייכל האָט ווידער געזאָגט;—איכ הער ווידער אונדזער גרויסנ מוטס שטימ. די שטימ זאָגט: דערפאַר, וואָס איר האָט אינ דער לעצטער מינוט דאָכ זיכ דערמאָנט, אַז איר זײַט מענטשנ און ניט קיינ קנעכטישע הינט, דערפאַר, וואָס דער ראַמע האָט געוואָלט אוועקגעבנ אפילע דאָס טײַערסטע און ליבסטע אים—זײַנ ווײַנ מיט זײַנע לידער אַפ טויטנ דעמ טיראַנ; דערפאַר, וואָס דער סאַמי האָט זיכ ניט געמיִעסט פאַרשוועכנ זײַנ קאָכעדיקע ליבשאַפט, אבי באַפרײַענ זײַנ פאָלק; דערפאַר, וואָס דער הוזרי איז גרייט געווענ צוליבנ גליק פונ זײַנ פאָלק די טויערנ פונ זײַנע בערג עפענענ; דערפאַר, וואָס דער כורזע איז גרייט געווענ דעמ אקערײַזנ אנידערלייגנ און אַפ די הענט אוועקטראָגנ דעמ טיראַנ אינ דער וויסטע פונ טויט, און כאָטש דאָס אַלצ איז א שאַנד און א כאַרפע פאַר א פאָלק און עס וואָלט צו קיינ באַפרײַונג ניט געבראַכט, אָבער דערפאַר, וואָס איר זײַט ווידער מענטשנ און באַמ שוועל פונ טיראַנס געצעלט האָט איר מיכ אַרופגעלייגט צו מײַנ זונ אַפ די הענט און ניט געוואָלט לייגנ מיכ צו די פיס פונ טיראַנ, זאָג איכ אײַכ מיט מײַנ אייגענער שטימ:— צומ קלייזײַענ! מיר וועלנ זיגנ! דאָ איז טאַקע געשענ קימאַט א וווּנדער: מוט, וואָס האָט שוינ פינפ זיי־צײַטנ מיט פינפ שניט־צײַטנ קיינ וואָרט ניט אַרויסגערעדט, האָט פלוצלינג אַפ סייכלס פראַגע אַרויסגעבראָכט אַנ ענטפער, ווי א לייב: „צומ קליי־זײַענ! מיר וועלנ זיגנ!" איז מוט ווידער געוואָרנ דער פירער פונעמ כײַעל פונ די פאַרייניקטע פעלקער,— מענ האָט אים אופגעבויט א זײַדענע בײַדל פונ הימל־קאָליר, אינ וועלכער מענ האָט אים אַרופגעזעצט אַפ א הייסנ אַראַבישנ פערד און זײַנ קאָפּ האָט ווידער געפלאַטערט איבער אַלעמענס קעפּ און די פעלקער זײַנענ ווידער אַרויס אינ א מילכאָמע קעגנ דעמ טיראַנ גיבמיר און ווידער איז מענ געגאַנגענ איינס־אַפ־איינס, און דער צענטער פונ די ערשטע בעסטע זינ פונ פאָלק, וואָס איז אַוועק נאָכ מוטנ, האָט אוועקגעלייגט א טויטנ דעמ באַטריגער גיבמיר, ווײַל מוט מיט זײַנ העלדישקײַט און סייכל מיט זײַנ פאַרשטאַנד, וואָס האָבנ געריטנ אינ דער שפּיצ פונ אופגעשטאַנענעמ כײַעל האָבנ אַלע זינ פונ פאָלק געמאַכט פאַר ריזנ און העלדנ. און ביז איצט בליט דאָס גליק אינ יענעמ לאַנד און צו זייערע גרענעצנ איז גאָר ניט צוצוטרעטנ זיכ.

— אזא מינ מײַסע גאָר!—זאָגט מיט א שמייכל לייבל.—קיינמאָל אינ לעבנ ניט געהערט...

— ווײַל דו האָסט נאָכ קיינמאָל אינ לעבנ מיט מיר זיכ ניט געטראָפנ. זײַנענ מיר כאווער?

— כאווער,—זאָגט לייבל מיט א שמייכל צו אבענ.

זיי האָבנ זיכ געשיידט. אונ ער האָט זיכ געכאפּט, אז מענ האָט געדארפט כאָטש פרעגנ בא דעמ אבענ אינ וועלכנ וואגאָנ איז ער, איז שוינ געווענ שפעט. אבע איז פארשווּנדנ. לייבל איז געגאנגענ א פארטראכטער צו זיכ אינ וואגאָנ. אינ וועג האָט ער זיכ אפּ עמעצנ אָנגעשטויסנ.

— אוי, סארא פארטראכטער דו ביסט.—האָט עמעצער צו אימ א זאָג געטאָנ.— דו גייסט אוואדע נאָכנ ביכל?

לייבל האָט אופגעהויבנ די אויגנ אונ דערזענ עזרענ אנטקעגנ זיכ.

— אָט קומ איכ—גיב איכ.—האָט יענער געזאָגט אונ איז אוועק.

— פאָ וואַ־גאָ־נא־א־אמ!..— האָט זיכ דערהערט א געשריי מיט א פײַפ,—וואָס שטייסטו דאָ, באָכערעצל? — האָט צו אימ א זאָג געטאָנ די הייזעריקע שטימ דעמ נאטשאלניקס—לויפ אינ וואגאָנ ארײַנ, אָט פאָרנ מיר אָפּ!

א פארכאָלעמטער איז ער ארײַנ אינ וואגאָנ, אוועקגעשטעלט אינ א ווינקל דעמ בעזימ.

— א ווילער בעזימ,—האָט די מאמע געזאָגט,—ווּ האָסטו אימ גענומענ? אלייִנ געמאכט?

— לאָמיר אָנהייבנ מיט דיר פונ בעזימ,—האָט אבע טויב פארבײַגייענדיק א זאָג געטאָנ צו לייבלענ אינ דער אָפענער טיר.—קומ ארײַנ צו מיר, קליינער, איכ בינ אינ עלפטנ...

דער צוג איז אוועק זײַנ וועג.

(פאָרזעצונג קומט)

ה. בלאָשטיין

# א טאנץ אזאַ

... און כ'וואָלט דערציילט אין שווונג די נײַע שטיבער
און יעדן בוים אין יעדן נײַעם סקווער,
אז ס'איז ניטאָ קיין לעבן שענער, ליבער
פון אונדזערן אף אונדזער שיינער ערד.

און כ'וואָלט דערציילט די אופגעלעבטע ערטער
און יעדער בלום אף יעדער נײַער בײַט,
אז ס'זײַנען נאָך נישטאָ אזעלכע ווערטער,
וואָס זאָלן קענען אויסזינגען מײַן פרייד—

די פרייד, וואָס רינט אָפט אָן א טרער אף מײַנע ברעמען,
ווען דויסארמייער גייען דורך דער שטאָט;
ווען כ'הער אין ראדיאָ דעם זיג־געזאנג פון קרעמל;
ווען ס'פליסט דאָס ליכט צום דאָרף דורך אָדערן פון דראָט...

ווען א קאָלווירטניצע קלײַבט זײַדנס אין ווײטרינע;
ווען ס'קומט א מעלקערן נאָך ביכער פון דער ווײַט;
ווען אין א קלוב באווײַזט זיך אף דער בינע—
און זינגט פון יונגער פרייד—א כאָר פון אלטע לײַט—

אוי, ווילט זיך טאנצן דאן! און כ'מוז דיר, ליד, פאר־
טרויען
א מאָדנעם סאָד (זאָל זײַן מײַן לאנד געבענטשט!):
ווען כ'בלײַב אליין אמאָל—אין שפיגל־גלאָז אין בלויען
טאנצט הייס און לאנג א הויכער דארער מענטש...

# אָנהייב פרילינג

א דאכ־ראנד האָט צעטריפט זיכ
מיט לעצטנ ליכטל איַיז.
אינ בלויענ הימל שיפט זיכ
א וואָלקנדל א וויַיס.

א ווינטעלע א שטילינקס
די יונגע זונ באגלייט..—
פאראנ אינ ערעוו־פרילינג
א צאפלדיקע פרייד.

עס איז דער וואלד נאָכ נאקעט
אונ ס'דרימלט נאָכ דער קוואל,
נאָר טראָגסט שוינ אפנ נאקנ
א לאכנדיקנ שטראל.

דאָס פעלד—נאָכ סויטע קריהע,
דער בארג—א וויַיסער סטויג.
נאָר ס'הארצ דערזעט דאָכ פריִער
אונ וויַיטער פונעם אויג...

י. יאָפע

# גווירישער טאַכלעס

(פונ בוכ „מיטנ גלײַכנ װעג״)

אפ זײַנ קיביסקעלע מיט צוויי רעדער טראָגט זיכ גאָלדנװײַזער אײנער אלײנ. ער פליט װי עפּעס װאָלט ער ערגעצ נאָכ פארשפּעטיקט. אָט איז ער שוינ אפ דער האנדל־בירזשע ארומגענומענ מיט אביסל בײַכיקע גװירים. ער פּאָכט מיט די הענט אונ זידלט די דאָצקאָװסקיס, װאָס האָבנ זיכ איגניוכעט מיטנ אפּעריסט לאַזארעװ. ער זאָגט זיי צו אלעמענ לאָזנ אָנ הויזנ. אונ גווירים מיט אביסל צוגעבויגענע קעפּ גלויבנ עס אימ, װײַל ער האלט װאָרט, גאָלדנװײַזער. אפנ האָרב האָט ער אָפּגע־קויפט יעװזעראָװס הויפ אונ פארלײגט דאָרט א פאבריק. מע װײס נאָכ ניט קעגנ װעמענ ער פארמעסט זיכ. אויב א געװאַנט־פאבריק, װעט ער האָבנ קעגנ זיכ די קאסנעצאָװס. אָבער אויב א טאבעק־פאבריק װעלנ די דאָצקאָװסקיס פליִענ מיט אלע זײערע מעגלעכע שפּיספּים דורכנ קוימענ. אפנ בירזשע זײַנעג דאָ סטעפּענע טאבעק, אונ טוװע־, אונ װאלד־ אונ צוקער־הענדלער, גרויסע אונ קלײנע מעקלער, זײַנענ דאָ זאַװאָדטשיקעס פונ זײפ, פונ ביר, פונ בוימל, פונ זעגמילנ. אלע לעקנ אימ, אלע שמײכלענ זיכ צו גאָלדנװײַזערנ דעמ גוויר. אינ הארצנ האָבנ זיי אימ פײַנט אונ האָבנ מוירע פאר אימ. יעדערער פונ זיי פילט אפ זיכ זײַנ שװערע האנט. א פיר אזעלכע באלעבאטים זײַנענ שוינ מיט די געשעפטנ אריבער צו גאָלדנװײַזערנ, געװאָרנ זײַנע מענטשנ אונ, נישקאָשע, מע לעבט. זיי צײכענענ זיכ אויס מיט זײער איבערגעגעבנקײַט צומ באלעבאָס אונ האלטנ ארבעטער אינ שװײסיקנ העמד, פאר־װאָס גאָלדנװײַזער באצאָלט אָרנטלעכ. אינ קאפע, װאָס איז אינ גאס ארויסגעשפּארט צו דער בירזשע, אינ רעסטאָראנ בא די שײנינס, עסט מענ, טרינקט מענ אונ מע הערט מוזיק, גיט ער זיכ, דער גוויר, אויכ א כאפּ אהינ ארײַנ. ער דערזעט זײַנ הויפּט־מענטש װארשאװסקינ, װאָס טראָגט זיכ אנטקעגנ, װי א װינט. ער האָט עפּעס װיכטיקעס צומ באלעבאָס. נאָר דער באלעבאָס האלט אָפּ זײַנ װאָרט. הויכ זאָגט ער צו װארשאװסקינ, װי צו א ייִנגל, אלע זאָלנ הערנ.

— װעסט זענ דעמ גאבע ליבסקענ, זאָלסטו אימ זאָגנ, אז ער זאָל לאָזנ פאר מיר מאפטיר. אונ אז װארשאװסקי פרעגט אימ מיט די אויגנ: װיאַזוי, מאפטיר אינ דאָכ שוינ באשטעלט אינ דער סאָכרישער שול, — זאָגט גאָלדנװײַזער נאָכ העכער:

— נישקאָשע, זיי וועלנ צוווארטנ, כ'וועל קומענ. איצטער גייט ער שוינ צופוס. אפ דער קיביסקע האָט זיכ אוועקגעטראָגנ ווארשאווסקי. שווערע פול געלאָדענע פורנ פירנ גאָלדנוויַזערס מעל, גאָלדנוויַזערס פעסער, גאָלדנוויַזערס געהילצ, פעסער בוימל, קאסטנס זייפ. ביז גאָלדנוויַזערס געבאקענעמ ברויט. זיַנע פארחאלטערס, זיַנע פריקאזטשיקעס, זיַנע בוכהאלטערס אונ ארבעטער, זיַנע יונגענ אפ וועלאָסיפעדנ שניַדנ די שטאָט צווישנ גאָלדנוויַזערס אונטערנעמונגענ. אונ גאָלדנוויַזער האָט זיכ אָפגעשטעלט אונ מיט קינע געקוקט, ווי פורנ פירנ שווארצע בלעכ פונ וואָקזאל, וואָס קומענ מיט דער באנ אָנ פונ יעקאטערינאָסלאוו, אונ פונ דעמ גרויסנ שאמפאניערס הויפ גייענ פורנ געלאָדנ מיט עמער געוויַסטע אונ גאָלדנוויַזער עטעמט אריַנ אינ זיכ דעמ אווער, וואָס טראָגט זיכ פונ די וויַסקעסלענ אונ מיט קינע פלאנט זיַנ קאָפ, צי איז ניט גליַכער ער, גאָלדנוויַזער, זאָל אהער ברענגענ פארטיקנ געוויַסטנ, געצינקעווטנ בלעכ אונ וואָלוועלע הענט זאָלנ קלאפנ עמער אונ שאמפאניער זאָל ווערנ זיַנ מענטש, אויב ער וויל, ווענ ניט, זאָל ער פליִענ מיט זיַנ פאבריקל דורכנ קוימענ. אונ ער לויפט, גאָלדנוויַזער. די שטיוועלעכ זיַנענ פארשטויבט אונ ער קריכט אינעמ מיסט פונ דער דראָזשקארישער בירזשע. מיט יעדער פורמאנ טיַנעט ער עפעס איַנ באזונדער אונ אלצ געהיימ. ביז ער דערקליַבט זיכ צו בעבענ, אונ ווי ער וואָלט אימ דעמ וועג פארשטעלט—ער זאָל ניט לויפנ פונ אימ, פרעגט ער ראפטומ:

— הער נאָר, בעבע, קאָנסט עפשער וויסנ, ווער האָט עס די פראָקלאמאציעס בעקלעפט אפ מיַנע טויערנ, הא, בעבע?

— וואָס פרעגט איר מיכ? וואָס וויס איכ וועגנ פראָקלאמאציעס!—קאָכט זיכ בעבע אונ גאָלדנוויַזערנ איז עס צומ הארצנ. ער עסט אימ, בעבענ, מיט די אויגנ:

— יאָ, יאָ, דו ווייסט אוודאי ניט, איכ זאָג דענ, אז דו ווייסט. אָבער עמעצער קלעפט דאָכ די פראָקלאמאציעס, דארפ מענ זיכ דערוויסנ, ווער עס קלעפט אונ אופהענגענ דארפ מענ אזעלכנ אינמיטנ שטאָט,—פיַערט גאָלדנוויַזער, ווי צו זיַנעמ א שוטעפ אינ געשעפט.

— אָבער איכ בינ דאָכ ניט קיינ שפיִאָנ, ס'איז דאָ פאָליציי, ס'איז דאָ בא איַכ אנ אָכראנקע. וואָס האָט עס צו מיר,—טרייסלט זיכ אָפ בעבע מיט פיַנטשאפט אונ גאָלדנוויַזער האקט אימ איבער.

— נא, נא, נא, כ'ווייס, ביסט ניט קיינ שפיִאָנ, א יאָ, יאָ, א גרויסער קאָוועד צו זיַנ א באלעגאָלע א פארדריפעטער. דו ביסט דאָכ א קלוגער יונג, בעבע. דו ווייסט אזוי גוט, ווי גאָלדנוויַזער, ווער זיַנענ די סאָנימ, וואָס ווילנ אופריַסנ גאָלדנוויַזערנ. נאָר ניט אלעמאָל זוכט מענ דעמ גאנעוו ערגעצוו, אמאָל איז גליַכער צו זוכנ אימ בא זיכ אינ שטוב. אָט האָסטו דאָכ סטאָליפינ, ווער האָט אימ בעהארגעט, טאקע א מענטש פונ זיַנ אָכראנקע.

אונ דער גוויר גאָלדנוויַזער שעפטשעט שטיל אריַנ אינ בעבעס אויערנ:

— נאָר איינער, אז אזא ביק ווי דער לאָווארעוו דינט אינ אָכראנקע, איז מענ דענ זיכער מיט אימ. אָט קוק זיכ גוט צו צו אימ, וואָס טוט ער דאמאָלסט, ווענ ער שפילט ניט אינ קאָרטנ, צי מאכט ער טאקע ניט אליינ די רעוואָליוציע? וואָרעמ ווי, פונוואנענ קומט איַנ מיצקעדרינגענ בא מיר אפנ טויער פראָקלאמאציעס?

בעבע פארשטייט ניט וואָס וויל פון אים דער גוויר. אים פעלט אָטעם און דער גוויר שמייכלט צו אים, קלעפּט זיך ווי א האָניק־טייגל צו א מאקע.

— וואָס איז, איך וויל אומזיסט, כאָלילע! אז אנ ערלעכע פּאָר אויגנ קוקנ אריינ אלעמענ אינ די הענט און גיבנ מיר איבער, וואָס ווער עס טוט, וואָס ווער עס רעדט, וואָס ווער עס טראכט, באצאָל איך פיינ און מיט דאנק, ווי מיינעם א געטרייענ מענטשנ...

עס הילכנ, עס זעצנ טרויבנ איבער די שטיינער פון ברנק, וואסערלייטונג־טרויבנ. א ריי פורנ פירנ עס פון וואָקזאל, טאקע פאר גאָלדנווייזערנ און ער כאפּט זיך אופ, לויפט א קוק טאָנ אפ זיינע טרויבנ, מיט וועלכע ער וועט זיינע קווארטאלנ דורכשטרינעווענ, זיינ פארזאלצ־פונקט פארברייטערנ, באנייענ. ער זוכט מיט די אויגנ כאטשע סאָרקינענ, זיינ טעכניקער, וואָס האָט באדארפט אראָפּנעמענ פונ באנ די באשטעלונג טרויבנ, מופטעס, פּאָמפּעס. נאָר ער זעט אים ניט. נאָך היינט דארפ ער אים זענ. ער דארפ זיך מיט אים בארעטנ וועגנ נעמענ קלאפּנ דאָ אינ שטאָט גרייטע געצינקעווטע עמער. כא, כא, כא, קוועלט ער אינ הארצנ. איי וועט זיך דאָס שאמפּאניער נעמענ קראצנ אינ באָרד.

ווייט, ווייט הינטער גאָלדנווייזערס קווארטאלנ זעצט זיך שוינ דער טאָג, גייט אָפּ מיט פלאמענ און דאָ שווארצנ גאסנ פונ ארבעטער, וואָס גרייטנ גאָלדנווייזערנ א סעזאָנ. ס'איז ברודיק די אַרבעט און שמוציק, גייענ ארבעטער שטארק געבויגנ, אויסגענורעט. גאָלדנווייזער ווייס, אז ניט יעדערער פונ זיי וועט האָבנ א וועטשערע אפּ צו עסנ. נאָר ער קוקט אפנ זייגער, צי האָט מענ היינט ניט פאר דער צייט געווארפנ די ארבעט, וואָרעם בא אים איז אזא אָרדענונג, ווו מע פילט ניט אויס די גאנצע באשטעלונג פונ טאָג גייט מענ ניט אהיים, און די באשטעלונג איז א פארשידענע. אלע געבראכטע פעסער דארפנ אויסגעפארעט ווערנ נאָך היינט און נאָך היינט אראָפּגעלאָזנ ווערנ אינ די גריבער. וויפל מע זאָל ניט ברענגענ, זיינענ זיי עס מעכויעוו אָפּטאָנ היינט. די זעלביקע צאָל הענט דארפנ עס אָפּטאָנ פארנ זעלביקנ געהאלט. אָט ווענ מע ברענגט אביסל ווייניקער פעסער, איז עס זייער מאזל. ברענגט מענ אָבער קיינמאָל ניט ווייניקער, נאָר אלעמאָל קומענ צופאָרנ די פעסער צום סאָפּ טאָג. און טאָמער האָט זיך איינמאָל יאָ געמאכט, אז ס'איז געווענ עפּעס אנ אָפּשטעל אינ קלעפּקעס און מענ האָט ווייניקער פעסער געבראכט, האָט זיך ווארשאווסקי געקליגט און געמאכט א האלבנ טאָג ארבעט. און דערווידערנ האָט מענ מוירע, אז ניט פליט מענ פארנ טויער.—עס פעלנ ניט קיינ ארבעטס־הענט,—זאָגט ווארשאווסקי.

— סאָנים,—טראכט גאָלדנווייזער פאר זיך,—סאָנים, א פראָקלאמאציע לייענט מענ און ווער עס קאָנ ניט לייענענ, לייגט צו זיינ טעמפּנ אויער. קיינ איינער פונ זיי טרעט ניט ארויס קעגנ א פראָקלאמאציע, קומט ניט זאָגנ:—באלעבאָס, הערט נאָר, מע זאָגט אונדז, מיר זאָלנ זיך צוזאמענ נעמענ, אָרגאניזירנ זיך און פארבעסערנ זיך דאָס לעבנ, ווייל ערגעצ דאָרטנ אינ די צענטרענ שטרייקנ ארבעטער, זיי ווילנ זיך מאכנ בעסער דאָס לעבנ.

— וואָסער קרענק פעלט זיי?—רעגט זיך גאָלדנווייזער.—און אז עס פעלט זיי, איז וואָס? ער האלט זיי מיט גוואלד, וועלנ זיי ווייניקער שיקערנ, און טאָמער וועלנ

זיי חייניקער מיט א יאָר לעבן, איז אויכ אָנ אנ אומגליק אינ שטעטל. חייניק מערנ זיי זיכ, חייניק מיַלער אפ צו פרעסנ.

חידער גיט א ריס גאָלדנוויַזערס הארצ. ער קוקט אפ דער זונ, אפנ זייגער־פרי, זאָגט ער. עס טראָגנ זיכ געזאנגענ. דאָס גייענ פרויענ, יונגע מיידלעכ מיט די סאפעס אפ די אקסלענ. דאָס גייט מענ פונ זיַנע ארענדירטע באשטאנעס. דאָס יעט מענ זיַנע אוגערקעס. איז וואָס האָט מענ ניט געקאָנט ארבעטנ נאָכ א פאָר שאָ, ס'איז דאָכ גאָר ליכטיק, איז וור־זשע זיַנענ זיַנע מענטשנ, זיַנע אופזעער, אכטונגגעבער? אז אלע זיַנענ זיי סאָנים, וואָס זיַנענ גרייט ריַסנ פונ אים פאסנ פאר זיכ. אונ אז מע הייבט שוינ אָנ קלעפנ פראָקלאמאציעס, פארשמעקט דאָכ זיי אלעמענ מיט רעוואָליוציע, ווי אינ פינפטנ יאָר. הא, מאָרגנ פונקט צום סעזאָנ קאָנענ זיי אים מאכנ א שטריַק, מערדער!

— דאָ בינ איכ, בארינ, א גוטער אָוונט,—זאָגט א הויכער פויער, א געוועזענער פאָליצמאנ, היַנט איז ער בא גאָלדנוויַזערנ א וועכטער, אָבער גאָרניט קיינ פאַשעטער וועכטער. ער הייסט מעדאָוויק אונ געדאכט האָט אים, אז דער בארינ רופט אים. פארבויגט ער זיכ נידעריק אונ שטייט אזוי מיטנ היטל אינ האנט. גאָלדנוויַזער וייס, אז ער האָט דאָ א כיטרעווע געטאָנ, מעדאָוויק. ער האָט אים אוואדע עפעס צו זאָגנ, נאָר ער הייבט אָנ דער ערשטער:

— נו, וועט איר די נאכט וויַטער פאָפנ אונ ניט זענ, ווער עס קלעפט אפנ ס'ייער פראָקלאמאציעס? אונ אז מע וועט דאָ אונטערלייגנ א וויכעטש שטרוי, וועט דער זאוואָד אוועקגיינ מיט פיַער אונ דער קלוגער, געניטער מעדאָוויק, אפ וועמענ דער באלעבאָס פארלאָזט זיכ, וועט זיכ אופכאפנ, ווענ בא אים זעלבסט וועלנ זיכ שוינ סמאליענ די האָר. אָט האָסטו מענטשנ, וועכטער!

— זאָל גאָט באוואָרענענ, בארינ!—ציילעמט ער זיכ פרום, מעדאָוויק, עמעס דערשראָקנ פאר אזעלכע רייד פונ זיַנ האר, ער וויל זיכ אויסדינענ פארנ באלעבאָס.

— איכ שמעק דאָכ נאָכ אלעמענ ווי א הונט, בארינ. די נאכט וועלנ די וועכטער ארומגיינ אינ גאס ביז העלנ טאָג. אפ די ראָגנ שטייט שוינ היַנט פאָליצייוואכ אונ איכ זעלבסט, זאָלנ מיַנע אויגנ בלינד ווערנ, אויב סע וועט זיי נעמענ דער שלאָף. סיַ אינעווייניק, סיַ אויסווייניק וועט מענ וואכנ. וועל איכ שוינ אָבער כאפנ דעם אויסוווּרף, וועל איכ אים אינ שטריק צום בארינ ברענגענ. אזא פערעדאָם איז דער אלטער „ציבוק“—ער זעט, זאָגט ער, רעדלעכ זאמלענ זיכ, עמעצער לייענט. עמעצער לייגט צו אנ אויער, מיינט ער א פאראָרדענונג פונ קאָנטאָר אָדער עפעס א פריקאז, לייגט ער אויכ צו אנ אויער אונ הערט—רעוואָליוציע, הערט ער, לייענט מענ, זאבאסטאָווקע. „גייט“ האָט ער, עמעס, דער ערשטער א געשריי געטאָנ—קאראול! האָבנ אים די ארבעטער אביסל זאטילניקעס אריַנגעשאָטנ, ער זאָל ניט שריַענ, שטומענ זאָל ער. ער קאָנ ריידנ אזוי ביזנ טאָג, מעדאָוויק, אונ דו וועסט ניט וויסנ, ווו ענדיקט זיכ דער ליגנ אונ הייבט זיכ אָנ דער עמעס. אָבער גאָלדנוויַזער וייס, אז גינציק איז ער, געטריַ ווי א הונט. אונ גאָלדנוויַזער וייס אויכ וויַאזוי אזעלכנ צו שאצנ.—נא,—זאָגט ער,—אָט האָסטו אפ א פלעשל,—דערלאנגט ער אים זילבערנע געלט. נאָר זיַנ ביסטו מעכויעוו ניכטער אונ קוקנ אלעמענ אינ די הענט. קיינעם ניט גלויבנ אויסער מיר, דו הערסט?..

פונ דעמ צווייטנ ראָג ווינקט אימ זײַנ שיינע הויז מיט צוויי פליגלענ. אינ איינ פליגל איז די קאָנטאָר. ער גאנוועט זיכ צו צו די אָפענע פענצטער פונ זײַנ קאָנטאָר, דאָרטנ ארבעטנ נאָכ מענטשנ. עס האָבנ זיכ דאָ צונויפגענומענ זײַנע פעלד־יעגער (אזוי רופט מענ זײַנע כעוורע־לײַט, וואָס יאָגנ אפ די וועלאָסיפעדנ אינ זײַנע שעליכעסנ). צו זײַנע אויערנ דערטראָגט זיכ א געזאנג, דאָס זינגט מענ אינ זײַנ דירע. שא, שטיל, דאָס בענטשט גאָר נאָכ דער וועטשערע דער שווער רעב שלוימע פאססאָווסקי. אפ דער וועראנדע, וואָס דינט אימ פאר א סוקע, עסט ער וועטשערע אונ בענטשט זינגענדיק. ער האָט פײַנט דעמ שווער, וואָס לעבט אָפ א וועלט אפנ כעזשבנ פונ זײַנ ייִכעס. ער האָט שוינ א דרײַ ווײַבער באגראָבנ אונ א דרײַ אָפגעגעס אונ אז מע פרעגט אימ, דעמ אכציקער:—רעב שלוימע, ווי גייט עס מיט דער נײַער ווײַבל?—ענטפערט ער האָפערדיק:

— גוט, זי איז א בארעזוניער. איצטער וועל איכ נעמענ ווײַבער נאָר פונ בארעזוניע.

ער איז אימ מעקאנע אביסל דעמ שווער, וואָס לעבט אָפ א גוטנ לעבנ. ער, גאָלדנווײַזער, זיצט ווי א וואָלקולאק איינער אינ הויז. זי, די ווײַב זײַנע, פאטערט אָפ דרײַ פערטל יאָר אינ די אויסלאנדנ אונ דאָ לאָזט זי אימ איבער דינסטנ אונ עקאָנאָמקעס... דאָס מאָל האָט זי אימ איבערגעלאָזנ א ביטערע עקאָנאָמקע. שיינ איז זי אונ יונג, אָבער קאפריז ווי א פרינצעסנ. דערלאנגסטו איר א פינגער, זוכט זי די האנט... שא, אָט הערט ער איר ווילדנ קוויטש, עס פארקילט אימ די בלוט. זײַנ האָדוליעק, דער צוגעשריבענער יוירעש, דער זונדל, יאָגט זי נאָכ אונ זי קוויטשעט, אָט קנעט ער זי אינ זײַנע געזונטע הענט אונ זי האָט זיכ, ווי א הינדעלע, א זיצערנ צוגעזעצט. דערלאנגט אימ גאָרניט מיט די הענט אינ פאָנעמ ארײַנ. זע גאָר, זע נאָר, ווי ער טשמאָקעט זי דאָס, ווי א צוקערקע, אזא מאמזער, אזוי געזונט אויסגעהאָדעוועט א פלימעניקל. קיינמאָל האָט זי קיינ קינד ניט געהאט זײַנ מאדאמ דאָרע סאָלאָמאָנאָווגע. איז ווי קומט עס, וואָס דינסטנ, ווי נאָר ער, גאָלדנווײַזער, רירט זיכ נאָר צו צו זיי, אהא, זיי פארגייענ שוינ אינ טראָגנ, אָט די צויגנ!..

פונ פראָנט־טיר ווארפט זיכ ארויס א גאנצער בינדל יונגעלײַטלעכ. דאָס זײַנענ דעמ זונס כאוויירימ. פײַנ פארשנעבעט. ער פארשטעקט זיכ, ווי א פרעמדער אינ א ווינקל, וויל זיכ מיט זיי ניט באגעגענענ. דער זונ איז אויכ מיט זיי אוועק. ער ווייס, דאָס וועט מענ א נאכט הוליענ, שפילנ אינ קאָרטנ. ער וואָלט געוואָלט זאָגנ דעמ האָדוליקל:—אבראשע, נאָר ניט מיט לאזארעוונ, הערסט? די ציינ וועל איכ דיר ציִענ פונ מויל, אויב דו וועסט האָבנ מיט אימ א מאגע אומאסע. נאָר ער שווײַגט. ער קאָנ איצטער ניט קוקנ אימ אינ פאָנעמ, וואָרעמ קיינ איינ דינסט לאָזט ער ניט דורכ גאנצ, אָט דער מאמזער אבראשע...

ער קומט אינ שטוב ארײַנ בייז, אָנגעדרודלט, דער הער גאָלדנווײַזער. ער הייסט זיכ דערלאנגענ צומ טיש, ווי אפ צעלאָכעס, פראָסטע בראָנפנ, הערינג אונ ציבעלע. די עקאָנאָמקע בלאָזט אָנ אירע בעקעלעכ, שטעלט אָנ אירע אויגנ, אונ דערמאָנט אימ, אז די מאדאמ האָט פארזאָגט—דער הער זאָל קיינמאָל ניט עסנ ניט קיינ ציבעלע, ניט קיינ הערינג, ביפראט פראָסטע בראָנפנ—דער הער האָט א קאטאר.

ער ווייס ניט, צי די מיידל רייצט עס אים, צי זי זאָגט עס ערנסט, אָבער פוןביידע ברענט עס אים, ווײַל דאָס דערמאָנט אים די מאדאם דאָרע סאָלאָמאָנאָוונע. אָט ליגט פאר אים ווידער אירער א בריוו מיט באשטעלונגען—אין קיסלאָוואָדסק זאָל ער איר קויפן אן אייגענע דאטשע, אין אָדעס א הויז ניט ווײַט פון יאם, איר ווילט זיך ניט אומקערן פון אויסלאנד אין דער פּאריפעשטער שטאָט. דערווײַלע אָבער זאָל ער גרינטלעך רעמאָנטירן דאָס הויז. זאָל אָפּצאמען צוויי שלאָפצימערן, זי האָט שוין דאָרטן באשטעלט אויסשטאטונג פאר די שלאָפצימערן. און נאָך—זי האָט געלאָזט פון זיך מאכן א בילד בא א גרויסן קינסטלער, וואָס האָט כיישעק צו פאָרן אין רוסלאנד און אָפּשטעלן זיך בא זיי אין הויז אפּ א פּאָר וואָכן, עס אינטערעסירט אים די פּראָדוקציע, ווי מען קאָנסערווירט עס אזוינע קליינע אוגערקעס. דער צאָרן שפּארט אים אונטערן הארצן. ער איז גרייט צעפּיצלען די בריוו, און זי, די „קלארע", רייצט אים, זי איז אזוי שיין, הײַנט באזונדערס שיין און גוט ווי א טויב, אזוי באָט זי אים זעלבסט אָן:

— כ'האָב געגרייט פארן הער וועש און איבערטאָן אין וואנע.

און עס רוישט אים אין קאָפּ און עס שפּארט אין זײַן גוף א פארלאנג און די הענט ציִען זיך אויס צו דער קלארעצקען, גיט זי זיך בייז א ריס אויס פון זײַנע הענט און שרעקט אים האָזעדיק, ווי א יינגל:

— לאָזט, איך בין אײַך ניט ביילקע, איך וועל אָנשרײַבן וועגן אלץ דער מאדאם. אָט איז ביילקע. נאָכאמאָל ביילקע, זי שטעלט צום טיש פּראָסטע בראָנפן, הערינג און ציבעלע, ווי דער הער האָט באפוילן, נאָר פון איר פּאָנעם קוקן אפּ אים אלע געמעס. און דער גוויר געפינט זיך קיין אָרט ניט אין זײַן שטוב צווישן זײַנע דינסטן, וואָס די מאדאם דאָרע סאָלאָמאָנאָוונע האָט אים דאָ געלאָזן פאר אָפּעקונעס איבער אים, און ער ווארפט זיך בייז און באפוילט—דערלאנגט מיר שיך, א העלן אָנצוג, ווו איז איוואן? ער קאָן דאָרטן פּאָפּן מיט האפּקען. הייס אים שפּאנען די ברישקע. און אז ער גייט פון שטוב, דאכט אים, אז די קלארעטשקע שטעלט אים נאָך א צונג און רייצט אים—אהא, דערשראָקן זיך, כ'וועל אלץ שרײַבן דער מאדאם.

— וווהין, בארין?—פרעגט דער קוטשער. ער פילט, אז דער בארין איז שטארק אופגערעגט, אָבער ער דארף דאָך וויסן וווהין?

— טאקע וווהין און נאָך וואָס יאָגט עס אים פון דער היים נאָך אזא פולן טאָג הארעוואניע. עס פּלאָגט אים אָט דער ביילקעס מאָרעשכוירע־קוק. א יעסוימע איז זי, גרילצט אים אין די אויערן. נו, און אז א יעסוימע, איז וואָס, רעגט דער צאָרן אין אים. קוק זי נאָר אָן די מאטקע באָזשקע, איינמאָל זיך צו איר צוגערירט, טוט זיך עס, וויל זי זיך שוין ווארפן אין ברונעם.—„שוין דריטער כוידעש, אז איך האָב די צײַט ניט און עס נודיעט מיך. כ'וועל זיך ארײַנווארפן אין ברונעם". הער נאָר, ווי גיך עס קלעפּט זיך דאָס ווי א קרענק צו זייער בויך.—נעם, זאָגט ער איר, בעהיימע קאָשערע, נעם אײַן פינף גראם כינע און גיי אין א הייסער וואנע, מאך א מאפל און פּאָטער. קוקט זי אפּ אים ווי א צעפּווּשעטער פערד און יאָמערט: אוי, איך וועל שטארבן, ווו זאָל איך זיך א יעסוימע אהינטאָן מיט א מאמזער.

— צומ טעכניק,—באפוילט גאָלדנוויַזער אונ דער קוטשער פארקערט איינ א זייַטיקנ פינצטערנ געסל, שטעלט זיכ אָפּ בא אנ אלטנ פינצטערנ מויער, שלעפּט ער זיכ איבער קרומע קויטיקע טרעפּ צווישנ לאנגע קאָרידאָרנ אונ זוכט קוימ אָפּ א טיר.—אהא, ווו מע פארקלייַבט זיכ דאָס אביסל,—בייזערט זיכ דער גוויר, ווו איז דאָ ערגעצ כאטשע, הא? איינ קאָפּ ווערט אימ פרייַלעכ, דעמ גוויר. ער וועט באלד א רעד טאָנ וועגנ קלאפּנ ווייַסע אונ געצינקעוועטע עמער. כע, כע, קוועלט דאָס הארצ, דער שאמפּאניער וועט פליִענ דורכנ קוימענ.

איז אָבער כאטשע ניטאָ איינ שטוב, דער טיש איז געגרייט אונ דאָס ווייַבל ווארט מיט די קינדער, מע ווארט אפּנ טאטנ מיט דער וועטשערע. אונ דער גוויר וואונדערט זיכ:

— מע ווארט, אונ אז ער וועט ניט קומענ ביז טאָג? כא־כא־כא, מע פאָרט גאָר ערגעצ ניט אפּ דאטשע? טאקע שוינ פיר קינדער געבוירנ?—כידעשט זיכ דער גוויר.

בא דער ווייַבל איז א וואונדערלעכ שווארצ קעפּל. א צארט פּענעמל פארבט זיכ ביז די אויערנ פונ דעמ הער גאָלדנוויַזערס וויזיט. פונ זייַנע פראגנ, פונ זייַנ הייציקנ קוקנ אפּ איר, אונ אז היינטערנ טיר דערהערנ זיכ טריט, באקאנטע טריט, טרעטנ אונטער טרערנ בא איר איינ האלדז פונ א גרויסער פרייד. אונ גאָלדנוויַזער ווערט בייז אונ טשעפּעט זיכ צומ טעכניקער:

— האָסט געבראכט די באשטעלונג, האָסטו זיכ דאָכ געקאָנט ווייַזנ. וואָס איז דאָס פאר א פראזדניקעס מאכנ זיכ. הערסט, מאָרגנ פרי זאָל מענ זיכ שוינ שטעלנ צולייגנ די טרויבנ, מאָרגנ פרי.

— אהיימ פאָר!—באפוילט ער דעמ קוטשער אונ אליינ לאָזט ער זיכ, דער גוויר, אָנ א טאכלעס איבער די גאסנ, ער מייַדט אויס באגריסונגענ. דער אָוונט איז אָנגעפוילט מיט דופט פונ סעדער אונ גערטנער. ערגעצ זינגענ ווינקלענ, גאסנ פול מיט שפּאצירער. נאָר ער איז איינזאמ, עס פויקט ניט אפילע קיינ עמער פונ באצינקעוועטנ בלעכ איינ זייַנע אויערנ. ער הערט נאָר די לוסטיקע מוזיק פונ זייַנ קלוב אונ כוכעטלולע צו זייַנ צווילינג לאזארעוו:—ביסט דאָכ דער צווייטער גאָלדנוויַזער, כא, כא, כא. אָדער זייַנ שאָטנ, כא, כא, כא.

— בעבע!—א גאנצע פרייד אפּ אימ. בעבע, זעט ער, העטשקעט זיכ מיט ליידיקנ צומ קלוב, סאָמער וועט ער כאפּנ א פריִענדיקנ פארשוינ.

— בעבע, שטיי!—אונ גאָלדנוויַזער קריכט איינ בעבעס בריטשקע אונ בורטשעט:

— א העקדעש איז דאָכ דאָס בא דיר ניט קיינ בריטשקע. איצטער, אז איינ שטאָט קומענ צו אלע טאָג אוטאָמאשינעס, אז פונ דער באנ גייענ שוינ מאָרגנ צוויי אוטאָבוסנ, איז אפּ וואָס קאָנסטו האָפּנ עפּעס אופּצוטאָנ מיט אזא צעקראָכענעמ שפּאנ דייַנעמ?..

— ווער ס׳וועט דארפּנ, וועט פאָרנ,—דערווידערט בעבע,—אז ניט, האָב איכ נאָכ א פּלייצע, וועל איכ גיינ שלעפּנ זעק.

— אָט דאָס זאָג איכ דאָכ,—כאפּט אונטער גאָלדנוויַזער.—קויעכ האָסטו, יונג אונ ערלעכ, דאָס וועט יעדערער אפּ דיר זאָגנ. נו, אונ אייביק זיצט מענ דאָכ ניט קיינ באָכער, מע האָט כאסענע, מע נעמט א פּאָר הונדערטער נאדנ. כ׳לעבנ, אָט

שרײַבט מיר מײַן מאדאם פון אויסלאנד: „זע דאָרטן עפּעס א פײַנעם שידעכ פאר ביילקען, נעבעכ, נעבעכ א יעסוימע״. טאקע, א מענטש ארבעט בא מיר אָפּ אזויפיל יאָרן ערלעכ, ווי א גוטער הונט, איז זי געטרײַ דעם באלעבאָס און א ווײַב וועט זי זײַן—אן עמעסע באלעבאָסטע, א צוכט, און נאדן האָט זי א פּאָר הונדערטער. איכ וועל איר אוואדע געבן פײַנע מאטאָנעס. כאסענע אָפּ מײַנע הויצאָעס און דו קויפסט זיכ א פײַנעם פּאעטאָן מיט א פּאָר פערד און האָסט א פײַן קאָשער ווײַבל, וואָס וועט דיר קינדלען, כע, כע. וואָס, ניט? האָסט דען וועגן דעם צו טראכטן? באלאָנים אָפּ אזא שמאלצ־גרוב זײַנען דאָ, מאָרגן קום ארײַן צו מיר, וועלן מיר זיכ דורכריידן וועגן יענצ, וואָס איכ האָב מיט דיר אנומלטן גערעדט. נו, און די ביילקע איז גאָר א פײַן מיידל, דו קאָנסט זי דען ניט? זי איז דאָכ א יעסוימע, ביילקע, אָן א טאטן און אָן א מאמען.

---

ז. טעליעסין

# פון אמאָל

א הילצערנעם וואָגן פארטריקנטע סנאָפעס
געשלעפט האָט אַן אָקס און פארמאטערט געסאָפעט...
צאָב־צאָבע.

די אָבאָדעס גראָבן אין זאמד זיך אריַינעט.
עס סקריפען די רעדער ווי זיי וואָלטן טיַינען:
שוין לאנג ניט געשמירט מיט קיין דזעגעכץ די אקסן,
און די קארטאָפל וויל עפעס ניט וואקסן,
און אויסער קארטאָפל, וואָס וועלן מיר עסן
אין אונדזער פארוואָרפענער וויַיסער פאָלעסיע...
צאָב־צאָבע.

אָט טוט אָן א פען זיך א שליַידער דער וואָגן,—
צו אונדז די פארטריקעניש ווער האָט פארטראָגן?
א גאנדז מיט א גוואלד האָט די פליגל פארבראָכן
און פליען געלאָזן זיך ערגעץ אפ צאָפן,—
עפשער אפ יענער זיַיט פריפעט איז בעסער
ניט דאָ נאָר, ניט דאָ נאָר, בא אונדז אין פאָלעסיע...
צאָב־צאָבע.

די זון אינעם הימל אזא מין אָ הויכע;
דער אָקס איז איינגאנצן ארויס פון די קויכעס;
דער זודיקער שטויב האָט די פעלדער פארוויקלט;
דער אָנטריַיבער אין א סאָלדאטישער היטל,
אין דיַיטשישע שטיוול אין וועלכע מיסטאָמע
נאָר וואָס געקומען איז ער פון מילכאָמע.
ער שלעפט אזוי בייז פאר די הערנער פארמאטערט
די אָקסישע קאָפ מיט דער טונקעלער לאטע...
צאָב־צאָבע.

און די הערנער באַם אָקס זײַנען שײנע װי צװײַגן;
דעם דעמבענעם יאָך װיל ער נעבעך ניט לײַדן;
ער קלאַפּט מיטן עק אָן די מאָגערע זײַטן;
די בײַסיקע פליגן סײַװי אַף אים רײַטן;
ער װאַרפט מיטן האַלדז און די נאָזלעכער טשמוכען;
עס האָט אים מיסטאָמע פאַרשמעקט מיט געדוכן
פון מעקענע װײכע, פון בוריקעס פױלע,
מיט א פולינקן צעבער געשמאַקע פױלע...
צאָב־צאָבע.

נאָר א מײַכל אַזא װעט ער קײנמאָל ניט קריגן,
פון פאָזשנע דערטראָגט זיך א טרױעריק ניגן...
צאָב־צאָבע.

— — — — — — — — — — — — — — — —

מיט באָרװעסע פיסלעך דורך ברודיקע הױפן
האָב איך נאָכן װאָגן געלאָזן זיך לױפן,
געמאַכט אָן א טשװאָק זיך א גװאַלדריס פון הינטן,—
עס בלאָזט אין די הײזלעך א קילבלעכער װינטל.
דער װאָגן איז הױך, נאָר קױם צו דערלאַנגען;
איך פליק פון די מאָגערע סנאָפּעס די זאַנגען;
א טרוקענעם זאַנג, אָט דעם טײַערן מײַכל
כ'צערײַב אַפן דלאָניע און װאַרף אינעם מײַלכל;
און כראָמטשען די טרוקענע קערנער גענומען.
ס'האָט א װאָנץ פון א זאַנג מיר פאַרשטאָכן דעם גומען...
צאָב־צאָבע.

פאַר קאַס נאָכן װאָגן איך האַלט אין אײן לױפן.—
די שטעכיקע זאַנגען איך פליק מיט די הױפן.
נאָר א בײַטש האָט פון הינטן דערלאַנגט מיר א שמאָב,—
כ'װעל נאָך האָבן פון טאַטן דעם עמעסן גאָב...
צאָב־צאָבע—צאָב.

---

* *
*

װוּ עס ציען זיך אװעק די ברײטע גרינע לאַנען,
איז א װילדער בלאָטע־פױגל אַף א קאָרטש געשטאַנען.

דער טײַװל װײס פונװאַנען אוש אהער איז ער געפלױגן
מיט א בײזן הונגעריקן פײַער אין די אױגן.

אוי, געפלויגן איז ער אלץ דורך גערטענער און סעדער
און פארלאָרן אפן ווינט א שווערן שווארצן פעדער,

איבער קאנט ער טראָגט זיך דאָ ארומעט פון באגינען
און ער קען דעם בלאָטע־אומעט אלץ נאָך ניט געפינען.

דער טײַוול ווייס פונוואנען אוש אהער איז ער געקומען...
ווער האָט עס זײַן אָלכע־בוים פונדאנען צוגענומען,

וואָס געווען איז ער ביז העלפט אין זומפיקײַט פארזויגן
און א כמארע פון קאמארעס איבער אים פארצויגן,

ווו געהאט האָט ער א סוק, ווי א פארדרייטן נאָגל,
אפ וועלכן דורך די נעכט ער פלעגט דאָ, פון געוויינהײַט, קלאָגן?

און די קאָרע אפן שטאם האָט דאָ פון נעץ געפרייעט
און דער גאנצער קאנט געווען איז געל פון מאלעריִע...

אָט דאָ האָבן די לאפוכעס זיך אינעם ברוד געהוטעט
פון פיאווקעס, אָנגעפויזטע פרעש און ענלעכע ניט־גוטע,

און אלדאָס גוטס האָט ער געהאט, עס פלעגט פון אלץ אים סטײַען,
א וואָרעם וואָלט ער כאָטש געפינען אפ דאָס הארץ אפכײַען,

קנוילנווײַז זיי פלעגן פויזען דאָ נאָך יעדן רעגן...
דער פויגל האָט די ערד געגומען דראפען מיט די נעגל,

און בייז געגישטערט אינעם גראָז, און מיטן שארפן שנאָבל
דעם צוגעפלאטשטן, שווארצן זאמד פון אונטער זיך געגראָבן, —

הייסט עס, אז פאר אים איז דאָ קיין וואָרעם שוין ניטאָ מער?
און עס האָט דער ווידערקאָל זיך אפן קאָל צעיאָמערט...

נאָר א מאָדנע הודזשעניש האָט ערגעץ פון די וואָלקנס
אין דעם שטילן ווידערקאָל זיך שארף ארײַנגעשפאָלטן...

דער פויגל האָט דעם דינעם האלדז צום הימל אויסגעצויגן, —
פונויבן איז א זעלטן־שיינער פויגל הויך געפלויגן.

אין דער גאנצער בריט צעשפרייט די אויסגערוטע פליגל,
אין א ברייטן קרײַז געשוועבט און אלץ ארום געשטיגן,

ווי אין א בלויער אָזערע, געשווומען דאָרט געלאסן,
געבלאנקט אינגאנצן אף דער זון ווי ערשט ארויס פון וואסער.

נאָר אָטאָ גיט ער זיך א וואָרף אין לופטיקן געווימל,
ווי ער וואָלט א שלעפּ געטאָן נאָך זיך א שטיק פון הימל...

און אף אראָפּ א פאל געטאָן פון בלענדיקן זעניט, און
אין א העלן לאנגן וואָלקן זיך אריַינגעשניטן,

און ווידער זיך געלאָזן שוועבן רויִק און געראָטן.
פונויבן אף דעם בלאָטע־פויגל געפאלן איז זיַין שאָטן!..

ווי א שווערער שווארצער שטיין וואָלט אים אין קאָפּ געטראָפן,—
די פויגליש־קיַילעכדיקע אויגן אין בלוט זיַינען פארלאָפן...

ער האָט די פליגל צעפּאָלאָכעט, ווילד גענומען קוקן
פון וועלכער זיַיט א לאָז טאָן זיך צום פויגל אין פארצוקונג...

נאָר פון אויג דער זעלטן־שיינער פויגל איז אנטרונען
אין דער טיפער הויכקיַיט איז ער וויַיט ערגעץ פארשווומען...

— — — — — — — — — — — — — —

ווו עס ציִען זיך אוועק די ברייטע גרינע לאנען
זיַינען סטיַיעסוויַיז געפלויגן הויכע אעראָפּלאנען.

ש. טשערניאווסקי

# יונג

וואָס זאָל איך איר פונעם הארצן זאָגן,
וואָס מע זאָגט נאָר איינמאָל און ניט מער.
אין די פרישע, טויִקע פארטאָגן
איז אפילע צארטקײַט טראָגן איינעם שווער...

כ'האָב קיין בלומען קיינמאָל ניט געריסן,
ניט געטרייסלט כ'האָב פון זיי דעם טוי,
ווי דער טוי איז לויטער מײַן געוויסן
פאר דער יונגער, ווונדערלעכער פרוי.

כ'ווייס, ווי ווען, מיר איז זי געפעלן,
ווען זי ווארפט פאר שפערלעך קליינע שטיקלעך ברויט.
ווען איך קאָן זיך אין א טויב פארשטעלן,
וואָלט איך אין איר פענצטער קוקן פון א פלויט.

אופגעשטאנען, גייט זי מיר אנטקעגן,
ברענט די זון אף אירע פינגער, ווי א רונג.
אז מע ליבט זיך, טאָר מען גאָרניט פרעגן,
צי מיר וועלן אייביק זײַן אזוי נאָך יונג...

---

נויעך לוריע

# עליע יארש

(פאָרזעצונג *)

כײַע־ריווקע האָט גוט באמערקט, אז מיט דער טאָכטער טוט זיך די לעצטע צײַט עפעס ניט געוויינלעכס, זי איז ווי איבערגעביטנ: שטענדיק לויפט זי ערגעצ אוועק, ווערט פארפאלנ, קומט שפעט. אינדערהיימ— אנ אָפגעפרעמדקײַט אינ די ענטפערס, אינ דער גאנצער פירונג. אמאָל צעזינגט זי זיך ניט צו פארשטיינ, פונוואנענ ווייסט זי גאָר אזוי פיל לידער פריילעכע אונ טרויעריקע, מע האָט פריִער זעלטנ ווענ פונ איר געהערט א הויך קאָל, איצט זע נאָר אזא זיסקײַט, אזא קראפט, אז סע ווײנט אונ פרייט זיך דאָס הארצ. אמאָל דאכט זיך, אז טרערנ שטייענ איר אינ די אויגנ, אונ פרעגט מענ:

— וואָס איז געשענ?

ענטפערט זי:

— גאָרנישט, קיינ זאך ניט.

אויך עליע האָט אָפט מיט אומרו געטראכט וועגנ דער שוועסטער.

איינמאָל, גייענדיק מיט איר אינצווייענ אינ גאס, האָט ער אינמיטנ שווײַגנ א פרעג געטאָנ.

— זאָג, ער וועט דיך ניט אוועקוואַרפנ?

— ווער?..

— אָט דער, וואָס דו ביסט מיט אימ געשטאנענ אונטערנ בוימ.

— עליק, דו ווייסט אלצ... יאָ. איך האָב אימ ליב.

— אינגיכנ גייענ זיי אוועק פונדאנענ, וואָס וועט זײַנ מיט דיר?

— וואָס ס'וועט זײַנ, וועט זײַנ.

ווידער איז מענ צו עליענ געקומענ, ער זאָל גיינ צומ קאָמיסאר—ציפע איז געקומענ צו לויפנ, מע האָט פארהאלטנ איר כאסקלענ מיט א פאָר זעקלעך גרויפנ. ווי ניט צומ הארצנ די מײַסע איז עליענ געווענ, האָט ער דאָך ניט געהאט קיינ מוט אָפזאָגנ.

דובאָק האָט אימ אופגענומענ פרײַנטלעך, נאָר אביסל אזויווי אָנגעשטרענגט, פארינטערעסירט, וואָס קאָנ דער באזוך באטײַטנ.

— האָסט עפעס צו דערציילנ?—האָט ער געפרעגט.

*) זע „שטערנ“ נומ. 4,5.

עליע האָט זיך געפילט ניט גוט.

— ניין, ס'הייסט, אייגנטלעך, יאָ... האָט ער אָנגעהויבן.

— איך ווייס די געשיכטע,— האָט זיך דובאָק אָנגעכמורעט, אז ער האָט דערהערט אום וואָס און ווען מען סע גייט.—אים האָט מען שוין סײַווי אָפּגעלאָזט. די פראָדוקטן האָבן מיר, פארשטייט זיך, קאָנפיסקירט. נאָכאמאָל, אז מיר ווילן אים פאקן, קאָן זיך מאכן, מיר זאָלן אים צעשיסן. נאָר אָט וואָס, יאָרש... דו וואָלסט ניט געדארפט קומען צו מיר מיט אזעלכע זאכן.

— מיר האָבן עטלעכע יאָר געבאטראקעוועט בא איין באלעבאָס. גוטע ברידער...

— כ'פארשטיי, מיר זײַנען פונדעסטוועגן כאווײרים, מוז איך דיר זאָגן, ביסט געווען א באטראק, הער איך, ביסט דורכגעגאנגען די מילכאָמע. דו קענסט דאָך זיי די פארשאָלטענע, פונוואנען זשע קומט דײַן גלײַכגילטיקײַט, איז מיר ניט קלאָר. דו ווייסט, וואָס באטײַט פאר אונדז איצט א פוד הירזש, א זעקל מעל?

— איך ווייס,—האָט עליע אויסגעשעפּטשעט.

— אָדער מיר געווינען און ווערן פרײַע מענטשן, אָדער מיר בלײַבן אייביקע קנעכט, און יעדער פעלדפעבעל וועט אונדז, ווי פריער, פליאסקען אין פיסק און גלײַכן מיט דער בלאָטע. איז קארג, וואָס דו העלפסט ניט און שטייסט אין א זײַט, קומסטו נאָך זוכן מיטלייד פאר ספעקוליאנטן?

דובאָק איז געווען בלייך פאר אופרעגונג. די טיפע אײַנגעגראָבענע אויגן האָבן געפינקלט. עליע איז געזעסן געפלעפט. טרערן האָבן אים געוואָרגן. ער האָט זיך אופגעהויבן, א מאך געטאָן מיט דער האנט, א שאָקל געטאָן מיט די ליפן און איז אוועק.

ער איז אוועק א שטארק צערודערטער. ער האָט ניט געזען דעם וועג, וואָס ער איז דורכגעגאנגען. אין שטוב האָט ער שלעכט געהערט, וואָס מע רעדט צו אים.

ציפע איז געקומען צו לויפן אפּ א מינוט אָנזאָגן די גוטע בסורע און אָפדאנקען עליען פאר זײַן מי. ער האָט ניט געקוקט אין איר זײַט.

— איר האָט מיר ניט וואָס צו דאנקען,—האָט ער אויסגעברומקעט און א מאך געטאָן מיט דער האנט, ווי אפּ א פארפאלענעם, וואָס שוין ניטאָ וועגן אים וואָס צו ריידן.

ציפע האָט אים מיט א כיינעוודיקן שמייכל געטרייסט:

— א קאפּאָרע די הירזש, אבי דער נעפעש.

און זי איז אוועק. כײַע־ריווקע איז צוגעגאנגען צו עליען.

— ביסט עפעס צעטראָגן, וואָס איז דיר?

— לאָז מיך צורו.

קאעס איז ניט געווען אין זײַן נאטור. וואָס איז עס אים מיטאמאָל צוגעפאלן? כײַע-ריווקע האָט עס ניט פארשטאנען, נאָר זי האָט געפילט, אז עפעס טוט אים, מיסטאָמע, וויי, און זי איז שטיל געוואָרן, גענומען גיין ארום אים אפּ די שפיץ פינגער.

אפּ מאָרגן, אז ציפע האָט דערזען יאנקעלען דורכן פענצטער, האָט זי אים ארײַנגערופן און געבעטן צוווארטן. אין א מינוט ארום איז זי ארײַן מיט עפעס א

פארבונדן טאָרבעלע, ארײַנגעלייגט עס דעם ייִנגל אין דער האנט און געהייסן אָפּ־טראָגן צו דער מאמען.

אז כײַע־ריװקע האָט געעפנט דאָס טאָרבעלע, האָט זי דערזען אזוינס, װאָס זי האָט שוין לאנג ניט געזען — קלאָרװײַסן צוקערזאמד. די אויגן האָבן זיך איר צעשײַנט.

— וויפל קאָן דאָ זײַן?—האָט זי געװויגן דאָס גוטס אין דער האנט און איבער־געגעבן ביילקען, זי זאָל שאצן.

— א פונט פינף.

די פרייד איז געװען גרויס. די מוטער האָט געגעבן די קינדער צו שטיקלעך ברויט באשאָטן מיט צוקער, און זיי האָבן אײַנגעשלונגען די נאשערײַ, ארבעסנדיק מיט די גאָרגלען, ווי די אויסגעהונגערטע גענדז.

עליע איז געקומען. כײַע־ריװקע האָט אים אנטקעגן געטראָגן די מאטאָנע:

— דיר פון ציפען מיט כאסקלען. געזונט זאָלן זיי זײַן. ס'איז דאָך איצט גאָר ניט צו קריגן אזוינס, זע ס'ארא קלאָרקײַט.

עליען האָט זיך פארענדערט דאָס פּאָנעם, ווי ס'וואָלט אים מיטאמאָל אין די אויגן פינצטער געוואָרן.

— מע דארף ניט—האָט ער אויסגעשעפּטשעט—שיק עס אָפּ צוריק.

— פארוואָס?

— שיק עס טייקעף אָפּ צוריק!—האָט ער קימאט אויסגעשריִען.

— אָבער וואָס איז געשען?

— איך וויל ניט. מע דארף ניט—האָט ער אלץ געטײַנעט זײַנס, ניט דערקלערנ־דיק די סיבע פון זײַן בעפיל—ווײַז עס אהער!— האָט ער אויסגעשטרעקט די האנט.

כײַע־ריװקע האָט צוגעדריקט דאָס טאָרבעלע צום הארצן.

— ביסט מעשוגע!—האָט זי אויסגערופן מיט שרעק אין די אויגן.—די קינדער האָבן דאָך עס ניט געזען, כ'געדענק שוין ניט ווי לאנג.

נאָר עליע האָט מיט אקשאָנעס אלץ ווײַטער איבערגעכאזורט:

— איך וויל ניט. גיב עס אהער. קיין מינוט זאָל עס מער ניט בלײַבן דאָ אין שטוב. נא, יאנקעלע, טראָג עס אָפּ אהין, ווו דו האָסט עס גענומען. זאָג—מע דארף ניט. איך האָב געהייסן...

ווידער האָט כײַע־ריװקע גאָרניט פארשטאנען און נאָך מער זיך פארטראכט וועגן זון, וועגן די ווייטעקן, וואָס ער באהאלט אין זיך.

אין א פינצטערן אָוונט איז לייע מיט יאָשקען געשטאנען באם טײַכל, אָפּגערוקט פון די ווינגונגען. ס'האָט שוין געקערט זײַן זייער שפּעט. זיי האָבן לאנג שפּאצירט מיטן ברעג, געזעסן אפן גראָז, געלעגן ארומגענומען, געשוויגן, גערעדט. די אָטשע־רעטן האָבן געשורשעט. לייע האָט געזאָגט:

— שוין. א סאָף. מאָרגן.

— יאָ, מאָרגן פארטאָג פאָרן מיר אוועק.

— וויפל האָט זי געדויערט מײַן פרייד—א וואָך.

— שיט ניט קיין זאלץ אף די וונדן.

— דיר איז ברינג.

— אומזיסט מיינסטו אזוי. ס'איז מיר גוט געווען מיט דיר, און ס'איז מיר זייער א שאָד אוועק פון דיר.

— דיר איז שוין אסאך מאָל געווען גוט און א שאָד, און מיר איז עס מײַן ערשטע פרײַקײַט אין לעבן. דאכט זיך, קיין שרעק וואָלט מיר איצט ניט געווען צו שרעקלעך, קיין מאסע ניט צו שווער... נאָר מאָרגן, אז דו וועסט אוועקפאָרן, וואוהין וועל איך זיך אהינטאָן?

— עפשער, וועלן מיר קומען אהער נאָכאמאָל.

— זאָג ניט צו, ביסט ניט בא זיך אין די הענט. איך געדענק דײַנע ווערטער — ס'איז א וויכער אפ דער וועלט. אוי, טײַערער, כ'וואָלט, דאכט זיך, איצט גערעדט און ניט אופגעהערט.

פאוועל דובאָק מיט זײַן אָטריאד איז אוועקגעפאָרן. די קאָלאָניע האָט ווײַטער געלעבט מיט איר זומערדיקער מי אין די פירעקן פעלד, אין די הויפן, אין די טונקעלע שטאלן, מיט אירע שטילע רייד אין מישפאָכע־קרײַזן אונטער די נידעריקע סטעליעס. ערגעץ האָט געהוליעט מאכנאָ, ערגעץ אין לאנד איז שוין געגאנגען דעניקין. באַטאָג אין גרויסן סטעפּ האָט מען געהויבן די אויגן צו די ליידיקע האָריזאָנטן, באַנאכט אין שלאָף מיט כײַישן אויער זיך צוגעהערט, וואָס טוט זיך אפ יענער זײַט הענט.

עליע האָט, ווי פריִער, אָפּט געארבעט פאר פרימאקן, געקאָסעט, געפירט, שוין פארלוירן דעם כעושבן פון די טעג און אלץ ניט געקאָנט ארויס פונעם כויוו.

ער האָט געבראכט פון סטעפּ א הויכן וואָגן היי און איצט אײַנגענעם מיט סטיסיען ארופגעפאקעוועט דאָס גראָז אפן שטאל־בוידעם. ער האָט דערלאנגט, און זי שוין געהויבן האָט אײַנגעטראָטן. מוישע־ארן איז ניט געווען אינדערהיים, די ארבעט איז צוגעגאנגען אָן רייד.

אָפּגערייניקט דעם וואָגן און די ערד ארום, איז עליע ארופ צו סטיסיען העלפן איר אויסגלײַכן און פעסטער אײַנלייגן די אָנגעוואָרפענע הויפנס.

דאָס היי האָט געשמעקט דושנע הייס. דורכן אָפענעם טויער האָט געאָטעמט א פריש ווינטל. עליע האָט זיך נאָך געפּאָרעט אין א ווינקל. סטיסיע איז שוין געשטאַנען אָן ארבעט... זי האָט אויסגעוואַרט. ער איז דורכגעגאנגען פארבײַ איר צום ראנד, ווו דער לייטער.

— אײַלסט זיך אהיים?

— פאראן אין שטוב וואָס צו טון.

— בלײַב נאָך א ווײַלע.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— איך וויל דיר זאָגן... האָט זי אָנגעהויבן און איבערגעריסן. זי איז, קענטיק, געווען זייער אופגערעגט.

— וואָס?

— איך וויל דיר זאָגן... איך קאָן זיך עס ניט שענקען. איך טראכט וועגן דעם גאנצע נעכט... מיט זעקס יאָר צוריק, אז מיר האָבן זיך ליב געהאט, און דו האָסט מיך אזוי געבעטן, געדענקסט?.. צו וואָס האָב איך זיך אָפּגעהיט? פאר וועמען?.. אוי, עליקל וואָס טוט מען.

זי האָט געדעדט ווי פון היץ. זי האָט אינגאַנצן געציטערט. און ער איז גע־שטאַנען אין מוירע, טאָמער מאַכט זי אַ באַוועגונג נעענטער, ער האָט געפילט, אַז דאָס וואָלט אים געווען פריקרע, דערווידער, ניט איבערצוטראָגן. ססיסיע האָט אָנ־געכאַפּט זײַן האַנט און באַלד אָפּגעלאָזט.

— טרייסלסט זיך אָפּ פון מיר, ווי פון אַ מויז — האָט זי געזאָגט — זאָל זײַן, זאָל זײַן... וואָס שטייסטו, ביסט דאָך פאַרנומען. גיי, גיי גיכער!

ער איז אַוועק אָן אַ גוט וואָרט.

בײַ די ווײַטערדיקע באַזוכן עליעס האָבן זיי ביידע ווי חײַט מעגלעך אויסגע־מיטן איינער דעם אַנדערן. איינמאָל האָט ער זי געטראָפן, ווי זי שטייט איינע אַליין און שיילט קאַרטאָפליעס, און טרערן פאַלן איר פון די אויגן אין טאָפּ אַרײַן. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט עטלעכע טריט, ניט דערגאַנגען און אַ האַלבע מינוט לאַנג זיך קיין ריר ניט געטאָן. צערודערט און פאַרקלעמט האָט ער זי אָנגעקוקט, און פאַרס האָט זי אים אויסגעוויזן פריקרע פרעמד, ווי איבערגעביטן, ניט די ססיסיע פון אַמאָל, זי האָט אים באַמערקט, אַ וויש געטאָן מיטן עלנבויגן די אויגן און האַרב, אַפילע בייז געזאָגט:

— פאָרסט אין סטעפּ? וואָס אַזוי שפּעט? מע דאַרף אָנפּויען די פערד.

איינמאָל אָנהייב אָוונט, עליע האָט דעם טאָג בײַ פּרימאַקן ניט געאַרבעט, און ער איז געקומען זיך צונויפריידן וועגן מאָרגן, האָט ער ניט ווילנדיק דורכן האַלב־אָפענעם טויער פון דער קלוניע דערהערט רייד, וואָס האָבן אים געצוווּנגען פאַר־האַלטן דעם אָטעם און די טריט. אַ פרוי און אַ מאַנצביל האָבן גערעדט. עליע האָט גלײַך דערקענט די שטימען.

— לאָז אָפּ.

— הע־הע־הע. און אַז ניט?

— כ׳וועל דערציילן דעם טאַטן.

— ביסט אַ ליגנערקע, וועסט ניט דערציילן. וועסט ניט דערציילן.

— וואָס ווילסטו פון מיר?

— הי־הי־הי. זי ווייס ניט, וואָס איך וויל. הי־הי־הי...

— ששש... שטילער. דאַכט זיך, מע גייט.

אַ שווײַגן און דערנאָך דעם מאַנצבילס קאָל:

— קיינער גייט ניט. נאַרסט אָפּ. ביסט אַ נאַרערקע. קיינער גייט ניט. קיינער ניט, קיינער ניט...

אַן אונטערגעצונדענער איז עליע אַוועק פון דעם אָרט פול מיט קאַעס, עקל און וויי. ער האָט געסיקעט, געשפּיגן, געשעפּטשעט קלאָלעס און מיִעסע זידלערײַען און זיך אַלץ ניט געקאָנט שטילן. ער איז אַוועק און פון וועג צוריק זיך אומגע־קערט, ווײַל מ׳האָט זיך פאָרט געדאַרפט צונויפריידן וועגן מאָרגנדיקן טאָג.

---

די זשוקעס זײַנען אין דער קאָלאָניע געווען עטלעכע הײַזער. איינס פון זיי האָט זיך אויסגעטיילט מיט זײַן פירונג פון די איבעריקע. זיי האָבן ווייניק וואָס געהאַט צו טאָן מיט דער ערד — אָפּגעגעבן זי אין אַרענדע און באַקומען זייער היפּשן בײַלעק

פאַרטיקערהייט. דעריקער האָבנ זיי זיכ פאַרנומענ מיט האנדל, געעפנט א קלייט, וואָס איז פאמעלעכ אויסגעוואַקסנ אונ האָט באַדינט א קרײַז יִשוּבים אַרומ אונ אַרום. די קינדער האָבנ זיכ געלערנט אינ שטאָט. קאָניקול־צײַט האָט די טאָכטער געשפּילט פּיאַנע, פאַרהילכט די קאָלאָניע מיט אירע עקזערסיסנ, מיט ראָמאַנסנ אונ וואַלסנ פאַר געסט.

נאָכנ אַוועקגיינ פונ די דײַטשנ איז די קלייט צונישט געוואָרנ. דער באַלעבאָס איז געשטאָרבנ, געבליבנ איז ציליע זשוק, א ייִדענע א טויכערטע, א ברעג. די רויִנירטע פאַמיליע האָט געלעבט אָפּגעזונדערט אונ שוויַיגנדיק, אָנגעלאָדנ מיט באַליידיקונג אונ האַס.

דעם זומער איז אַראָפּגעקומענ אַהיימ דער ייִנגסטער זונ, וואָס פונ אים איז שוינ לאַנג קיינ ידיִעה ניט געווענ, אונ מע האָט ניט געוווּסט, צי ער לעבט נאָכ, צי ער איז אינ דער זאַווערוכע ערגעץ פאַרפאַלנ געוואָרנ. ער האָט אויסגעזענ שטאַרק אויסגעמאָגערט אונ אָפּגעריסנ, פּאַרקוליטיקט נאָכ פילוואָכנדיקער וואָגלעניש. נאָר אינ־גיכנ, אַז ער איז אַבּיסל געקומענ צו זיכ, האָט מענ דערזענ, אַז דאָס איז א גאַנץ קרעפטיקער יונג מיט תּיפש פאַרביסנקייט אונ פײַער, כאַפּט אַנ אָנבליק אינ זײַנע פּעטערס, כאָטש אַנדערש אינ שטעל אונ רייד, גלײַכ צו דערקענענ, אַז ער האָט ניט אומזיסט פאַרבראַכט זײַנע יאָרנ פריִער אינ דער גימנאַזיע, לעצטנס א קורס צי צוויי אינ אוניווערסיטעט. אַפּאָנעם, אַז די אָנופהערלעכע אומאָרדענונגענ אונ אָפּטע איבער־רײַסנ אינעם לערנענ, דעריקער אָבער, מיסטאָמע, דער שווערער הונגער אינ דער גרויסער שטאָט האָבנ אים געצוווּנגענ קומענ אַהיימ אַפּ א לענגערער צײַט.

מע האָט ניט געזענ, ער זאָל זײַנ פאַרנומענ מיט אַרבעט אינ פעלד, צי אינ גאָרטנ, וווהינ מישפּאָכע האָט אינ דער נײַער לאַגע אַרײַנגעלייגט אַסאַכ מי. מע האָט אים אויכ זעלטנ ווענ געטראָפנ שטיינ מיט רעדלעכ אינ גאַס. ער איז ביכלאַל ניט געווענ קיינ איבעריקס צוגעלאָזטער אונ באַריידעוודיקער, אונ פונדעסטוועגנ האָבנ אַרומ אים ביסלעכווײַז אָנגעהויבנ זיכ צונויפנעמענ מיידלעכ אונ באָכורים פונ די באַלעבאַטישע הײַזער אונ אייניקע אויכ פונ אָרעמערנ גראַד. פאַרנאַכט פלעגט מענ אָפּט אַרויסגיינ מיט א באַשטימטנ וועג פּאָרווײַז אינ סטעפּ. דאָרט; ווי מע האָט גע־רעדט, האָבנ זיי געהאַט זייערע זאַמל־ערטער.

מיט גרויס כידעש האָבנ מענטשנ פונ עק דאָרפ אינ איינעמ א סאָפּ טאָג צוגע־זענ, ווי יאַנקוויה מאָזנאַימ שפּאַצירט האַנט בא האַנט מיט ליאָני זשוק, דעם סטודענט, ווי ער האָט אינ דער קאָלאָניע געהייסנ, אונ זיי שמועסנ פאַרטרוילעכ. די באַגע־גענישנ פונ די דאָזיקע צוויי אונ זייערע פאַרטרוילעכע שפּאַציר־גענג האָבנ זיכ איבערגעכאַזערט. נאָכ מער, דער באָכער האָט זיכ איינמאָל אינ אָוונט באַוויזנ בא די מאָזנאַימס אינ שטוב אונ האָט נאָכדעמ אָנגעהויבנ אַרײַנקומענ אַהינ פונ צײַט צו צײַט. די קאָלאָניע האָט דאָ געהאַט וואָס אַרומצורייִדנ, הײַל די זשוקעס מיט די פרימאַקעס פלעגנ געווײנלעכ איינע צו די אַנדערע ניט גיינ, אונ טאָמער פלעגט מענ זיכ צונויפטרעפנ אינ א שמאָלנ דורכגאַנג, איז נאָר אַפּ זיכ צעבוצקענ, אַפּ א רייצ אונ א שטאָכ טאָנ איינע די אַנדערע.

באַלד נאָכנ ערשטנ באַזוכ, וואָס איז פאָרגעקומענ אומגעריכט, איז ראָזקע אַוועק צו מוישע אַרענע. זי איז בעגאַנגענ אַליינ, אָנ דעם מאַנ. דאָס איז געווענ א רייב-

מישפּאָכעדיקער איניען, אונ זי האָט געוואָלט זיכ דורכשמועסנ מיטנ טאטנ אָנ זײַטיקע מענטשנ.

פריִער פאר אלצ האָט דער אלטער געוואָלט וויסנ, ווענג וואָס האָבנ זיי צווישנ זיכ גערעדט, דער איידעמ זײַנער מיט ליאָנטשיקנ. ראָזקע האָט דערציילט, אז כאָטש זיי האָבנ זי ניט גערופנ, האָט זי זיכ פונדעסטוועגנ א פּאָר מאָל צוגעזעצט הערנ. זיי האָבנ גערעדט אפ לאָשנ־קוידעש, איז געווענ שווער צו פארשטיינ, נאָר צוביסלעכ האָבנ זיי ארײַנגעוואָרפנ ייִדישע ווערטער, רעכנט זי, אז דער שמועס איז געגאנגענ ווענג יאנקיוווס זאכנ, די ציִעניסטישע.

— אזוי האָב איכ עס לעכאטכילע פארשטאנענ,— האָט מוישע־ארנ געזאָגט.

ווענג די שפאצירגענג אינ סטעפּ האָט מענ אינ דער קאָלאָניע געוווסט גאנצ ברייט, אונ מע האָט גערעדט ווענג דעמ פארשיידנ. איינע האָבנ געהאלטנ, אז ס'איז פוסטע מײַסעס, יונגוואַרג זוכט א געלעגנהײַט זיכ א שפּיל טאָנ, ווער ווייס, וויפל קליידלעכ ס'וועלנ דורכ דעמ שמאָל ווערנ מיט דער צײַט.

אנדערע עלטערנ האָבנ געמורמלט, וואָס מע פּאטערט צײַט אפ אויסטראכטענישנ, דעמאָלט, ווענ עס איז פאראנ גענוג ארבעט ארומ שטוב.

די צערודערונג צווישנ דער יוגנט איז דערגאנגענ אזוי ווײַט אז זי האָט אָנגערירט אפילע דעמ קרײַז, וואָס איז געווײנלעכ געשטאנענ ארומ קאָמסאָמאָל. די קאָמוניסטישע יוגנט־אָרגאניזאציע אינ דער קאָלאָניע איז צו יענער צײַט געווענ זייער אָפּגעשוואכט. די בעסערע כעוורע זײַנענ אוועק אינ דער רויטער ארמיי, עטלעכע פארבליבענע ווייניק־טעטיקע מיטגלידער האָבנ געהאט א קנאפּע ווירקונג. אונ דאָ, אינ די ציִעניסטישע צונויפקומענישנ האָבנ זיכ באלעבאטישע באָכערימ געכאוועט מיט אָרעמע טעכטער, אונ א פארוויסט ייִנגל מיט כאלוימעס האָט זיכ דערזענ שפּאצירנ האנט בא האנט מיט א מיידל, וואָס ער האָט זיכ ניט איינמאָל פונדערווײַטנס פארקוקט אפ איר געשיקט גענגל, אפ איר אָנגעבלאָזנ בלוזקעלע אָנ האָפענונג צו קומענ צו איר.

א שכיינע האָט לייענ פארטרויט א סאָד, אז זי איז בא זיי געווענ.

— וואָס טוענ זיי דאָרטנ?

— מע זינגט לידער. ס'ארא לידער! רוסישע, העברייִשע. ווילסט צו זיי גיינ? כאָטש מע לאָזט ניט צו גלאט אבי וועמענ, נאָר איכ וועל זאָגנ פאר דיר.

לייענ איז ניט געפעלנ געווענ ניט די קאָמפּאניע, ניט זייערע סודעס. דאָכ איז איר טשיקאווע געווענ א קוק טונ נעענטער, מיט וואָס פארנעמענ זיי זיכ דאָרטנ, וואָס ווילנ זיי?

ס'איז געווענ אָוונט, א פולע לעוואָנע האָט ברייט באגאָסנ דעמ סטעפּ. צעוואָרפנ איבערנ אָפּגעשניטענעמ פעלד, האָט זיכ באוועגט א קארגער צענדליק פאָרלעכ, צווישנ זיי אביסל אָפּגעשטאנענ אונ באזונדער, לייקע אונ איר שכיינע. פאָרנט האָט מענ געזונגענ. די ווערטער זײַנענ ניט דערגאנגענ, נאָר לייקע האָט זיכ אײַנגעהערט אינ דעמ אומבאקאנטנ ניגנ אונ אינ זיכ ניט ווילנדיק שוינ נאָכגעברומקעט. יונגע האָזנ זײַנענ אָפּט איבערגעלאָפנ דעמ וועג. אינ דורכזיכטיקנ, אומ זיכערנ לעוואָנע־שימער האָבנ זיכ געמישט נאָענט אונ ווײַט, שעטעכ אונ לופט. לייקע האָט אלצ געזענ, ניט דורכגעלאָזט קיינ שאָרכ. אונ איינצײַטיק איז זי געווענ אופגערעגט, אינ קאעס אפ זיכ

און אפ איר שכיינע, זיי זײַנען דאָ, ווי אײַנגעבעטענע, האָט זיך איר געדוכט. און גלאט—ווי קומט זי אהער, ווער זײַנען דאָ אירע כאווירים.

— ווּהין שלעפן מיר זיך, פארשטיי איך ניט—האָט זי אויסגעוואָרטשעט.

— באלד, באלד.

גענוג אָפּגערוקט פון וועג האָט מען זיך אויסגעזעצט אפ דער ערד אין א רעדל. יאנקיוו מאָזנאים האָט געהאלטן א לעקציע פון דער ייִדישער היסטאָריע. ער האָט גערעדט, ווי זײַן שטייגער, לאנג, אויספירלעך אויסטײַטשנדיק איטלעכע קלייניקײַט. אנדערע האָבן שוין אָנגעהויבן אונטערדרעמלען האלב־ליגנדיק. לייקע האָט זיך אײַנגעהערט מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג. ס'איז איר געווען פרעמד און ווייניק פארשטענדלעך.

דערנאָך האָט בענומען דאָס וואָרט ליאָני זשוק, און דער גאנצער אוילעם איז וואך געוואָרן.

ער האָט גערעדט אָן די מינדסטע אָראטאָרישע אינטאָנאציעס. דאָס איז געווען א שמועס אפ דער טעמע—אונדזערע אופגאבן. פריִער פאר אלץ מוז געזאָגט ווערן, אז די צוניפקומענישן האָבן ניט צו טאָן מיט פּאָליטיק. דאָס האָט ליאָני איבערגעכאזערט דרײַ מאָל—אינאָנהייב, אינמיטן און צום שלוס. „מיר זײַנען ניט קיין רויטע, און מיר זײַנען ניט קיין ווײַסע. מיר זײַנען ייִדן, ייִדישע יוגנט“.

דאָ האָט זיך לייקע א הויב געטאָן פונעם אָרט, ווי א שלאנג וואָלט זי א ביס געטאָן.

— קום, קום אוועק פונדאנען!—האָט זי אויסגעשעפּטשעט צו דער שכיינע.

— ווארט צו, ער ענדיקט דאָך שוין. נאָכדעם וועלן זײַן פראגן.

— כ'וויל ניט ווארטן, כ'וויל ניט הערן. קום טייקעף.

און אז יענע האָט זיך אָפּגעזאָגט, סע פּאסט ניט, האָט זיך לייקע אויסגעדרייט מיטן רוקן צום רעדנער און איז אליין אוועק מיטן סטעפּ אהיים. ברענענדיק פאר קאַעס און האס, האָט זי געשפּאנט שטורעמדיק, איבערגעבויגן פאָרויס, ווי זי וואָלט זיך געראנגלט מיט א שטארקן ווינט.

פאר דער טיר האָט זי געטראָפן דעם ברודער.

— עלטשיק!—האָט זי אים א רוף געטאָן מיט א בליץ פון א פײַעריק אויג קעגן דער לעוואָנע—איך בין געווען בא זיי...

— בא וועמען?

זי האָט דערציילט.

— א קלוגער,—האָט עליע געזאָגט מיט א שמייכל וועגן דעם זשוקס רעדע, און שטרענג צו דער שוועסטער:—זאָלסט מער אהין ניט גיין, ס'איז ניט פאר דיר.

אין די טעג האָט מען אָנגעהויבן ריידן, אז די רויטע גייען אוועק. דער גענעראל סלאשטשאָוו מיט זײַנע אָפיצירישע פאָלקן רוקט זיך אָן אפ דער געגנט, שיסט און שנײַדט באָלשעוויקעס און איטלעכן, ווער ס'האָט זיי מיטגעהאָלפן. עטלעכע, וואָס האָבן געהאט א גרונט מוירע צו האָבן, זײַנען אוועק באצײַטנס אין ערטער, ווו מ'האָט זיי ניט געקענט.

די קאָלאָניע איז געלעגן פארוקט אין א זײַט פון די שלאכט־וועגן, נאָר אָפּהילכן זײַנען דערגאנגען אהער: א טויבער דונער פון ווײַטע קאנאָנען, א סרייפע־שײַן

אינ באנאכטיקנ הימל. לייע האָט עס געהערט אינ איר שטעלכל, געפרוּווט אופשטיינ אונ ווידער געמוזט זיכ לייגנ. אז טאטע־מאמע אונ שכיינים זאָלנ זיכ ניט אָנשטויסנ, איז עליע אליינ געגאנגענ ארומ דער שוועסטער, ארײַנגעכאפט זיכ אינמיטנ טאָג, ווענ ס'איז נאָר מעגלעכ געווענ, שטענדיק עפּעס מיטגעבראכט—עפּעס צומ עסנ, א טרונק, אמאָל א נאשרײַ, א באר, צי א פּאָר אבריקאָסנ. טאָמער האָט מענ זיכ נאָכגעפרעגט אפּ איר געזונט, האָט ער געווײנלעכ געענטפערט:

— גאָרניט, מאלאריע.

איינמאָל אינ א פרימאָרגנ איז אינ דער קאָלאָניע פארפאָרנ א גרופּע רײַטער מיט אנ עלטסטנ אינ אָפיצירישע שליפעס. זיי האָבנ איבערגעלאָזט אינ גאס א געהארגעטנ, נאָכ עטלעכע יונגע לײַט פארנומענ מיט זיכ אונ זײַנענ אוועק. פונעם געלאסענעם יידנ מיט דער זילבערנ אונ שווארצ־געמישטער באָרד, וואָס איז אנומלטנ געווענ מיט א באקאָשע, מע זאָל זיכ מיִענ פאר אימ בא דובאָקנ, האָט עליע דעמ סאָפּ טאָג געהערט אינ גאס ניט קיינ גוטע רייד. דער ייִד האָט זיכ נאָכגעפרעגט, ווי פילט זיכ עפּעס איצט די שוועסטער, זי האָט, דאכט זיכ, געדינט אינ רעווקאָם.

— וואָס'ט זי דאָרטנ געטאָנ, געוואשנ די פּאָלנ.

— פארשטייט זיכ, ס'א קליינקײַט. פונדעסטוועגנ. דעריקער דאָס מויל. זי האָט א פאסקודנע מויל. מעגסט עס איר זאָגנ.

באנאכט האָט עליע גענומענ לייענ, ארופגעזעצט זי אפּ א פורל אונ אוועקגעפירט זי צו קרויווים אינ א צווייטנ דאָרפּ.

---

נאָכנ זומער איז געקומענ דער הארבסט. אינ די ריזיקע נעכט האָבנ די שטיבלעכ זיכ געטוליעט צו דער ערד גידעריקע, טונקעלע אונ אָפּגעשטאָרבענע. נאָר העכער האָבנ געגוואלדעוועט אינ דער שטומער פינצטערניש. צו יאָמימ־נוראָים האָבנ דאוונענדיקע יידנ זיכ ווידער פארזאמלט אינ בייסמעדרעש, וואָס דער קאָמסאָמאָל האָט אימ פריִער געהאט פארנומענ. איבער דער גאס האָט געקלונגענ דער אלטער יאָמערנדיקער געבעט־ניגנ, אונ שופער־קולעס האָבנ זיכ געהערט הייזעריק־פארשטיקט, ווי פונ א הייל.

אינ איינער פונ יענע נעכט איז סטיסיע געזעסנ בא איר מוטער אינ דער פארלאָזטער אָרעמער נעסט. א שכיינע איז אינאָווענט געקומענ זי רופנ. די אלטע איז אויסגעגאנגענ.

די נסיסע האָט זיכ פארצויגנ. זײַטיקע זײַנענ אוועק. סטיסיע איז געזעסנ אליינ באמ בעט, געוויינט, אונטערגעדרימלט, געעפנט די אויגנ אונ בא דער קארגער שײַנ פונ קליינעמ לעמפל אָנגעקוקט דאָס פּאָנעמ פונ דער, וואָס האָט זי געבוירנ אונ אויסגעהאָדעוועט, אונ איצט, אינ דער לעצטער שאָ, ניט דערקענט; אָנגעקוקט די לאנג ניט־געווײַסטע ווענט, די צעטראסקעטע סטעליע, די פענצטער מיט די אויסגעשלאָגענע שײַבלעכ, טייל פארקלעפּט מיט פּאפּיר, טייל הוילע לעכער—איר קינדהײַט, איר יוגנט, איר היימ.

אָט נעמט זיכ זעצנ דאָס פײַער אינ לעמפל. זי דרייט ארויס דעמ קנויט, ס'איז פארקוילט, ניטאָ קיינ גאזע, זי זוכט אינ אלע ווינקעלעכ—ניטאָ. פינצטער. א כאָרכלענ, א כריפּענ, א וואָרגנ זיכ אינ דער פינצטער.

— מאמע!..

שוידערלעכ שטיל.

טיפע נאכט. דער הימל פארלייגט מיט כמארע. סטיסיע קלאפט אינ פאריגלטע טירנ אונ לאָדנ צו איינעם, צו א צווייטנ. עטלעכע אלטע ייִדענעס זײַנענ אופגעשטאנענ אונ זײַנענ ארײַנ צום מעס. זײ האָבנ געכליפעט, געשנײַצט די נעז, געשעפטשעט, געשאָקלט מיט די קעפ אמאָל אפ דער פארשטאָרבענער, אמאָל אפ איר לעבעדיקער טאָכטער.

די לעווײַע איז געווענ אפ מאָרגנ שפעט סאָפ טאָג. כעורע־קאדישע האָט געוואָלט, פרימאק זאָל פאר דער שוויגער גוט באצאָלנ. ער האָט זיכ געדונגענ, אונ מ'איז ניט גיכ דורכגעקומענ.

א רעגנ האָט געגאָסנ. מענטשנ, וואָס האָבנ באגענגט די לעווײַע, זײַנענ מיטגעגאנגענ א שטיקל וועג אונ גיכ אוועק. מע האָט גערעדט:

— א וועטער, ווי איר וויסט לעבנ.

סטיסיע האָט געשפאנט נאָכנ אָרנ אינ דער זומפיקער בלאָטע. דאָס פאָנעם פארפלייצט, די אויגנ פארשוואָלנ, די אויבערשטע ליפ פאריסנ. ס'האָט אויסגעוויזנ, זי רעוועט, כאָטש קיינ הויכ קאָל האָט מענ ניט געהערט. מוישע־ארנ איז געגאנגענ באזונדער מיט די מאנצבלענ.

— זי וויינט, נעבעכ, ווי זאָגט מענ עס, כאָטש אנ אָרעמע, פאָרט א מאמע.

— דאָס גליק, וואָס זי האָט ארײַנגעכאפט, ער האָט דאָכ שוינ אייניקלעכ.

— זעט איר דאָכ, זי טראָגט שוינ.

— וואָס רעדט איר?

— ער האָט זיכ אליינ באריםט.

— מע שמועסט, ער האָט א יונגנ שוטעפ.

— איר מיינט זײַנ...

— יאָ, יאָ.

עליע איז שוינ לאנג ניט געווענ בא פרימאקנ. איצט איז ער געגאנגענ צווישנ אוילעמ אונ האָט געהערט די רייד. ער האָט א מאכ געטאָנ מיט דער האנט—אומבאמערקט פאר אנדערע, פאר אים אליינ אָבער א לעצטער אויספיר וועגנ א שטיק לעבנ—אונ ער איז ארויס פונ די באגלייטער.

---

אינ איינער א פארנאכטיקע שאָ, כײַע־ריוקע האָט געווישט די געפעס, קיינער איז אינ שטוב ניט געווענ אויסער איר מיט עליענ, האָט זי שטיל א זאָג געטאָנ:

— וואָלסט געדארפט כאסענע האָבנ, מײַנ זונ.

ער האָט געשוויגנ. אויכ זי האָט דעמלט מער גאָרניט געזאָגט.

נאָר דער איניענ איז איר, ווײַזט אויס, געלעגנ שטארק אינ זינענ. א וואָכ שפעטער האָט זי אים מיט דער זעלבער שטילקײַט, אָנ זײַטיקע דערבײַ, א פרעג געטאָנ, וואָס טראכט ער מיקויעכ סימע כאָדאָס, אווראָמ־באָרוכס טאָכטער.

עליע האָט געקענט דעמ נאָמענ, געדענקט פונ אמאָל א שווארצלעכ מיידל, אנערעכ אינ זײַנע יאָרנ, עפעס עלטער. ער האָט וועגנ איר ניט געטראכט ניט גוט, ניט שלעכט. קעגנ וואָס פרעגט עס די מאמע?

גאָרניט. זי איז אנ ערלעכ מיידל. נו, אונ אווראָמ־באָרעכ איז דאָכ געשטאָרבנ. די קינדער זײַנענ ווער אינ ליסי, ווער אינ סטריסי, ווער דאָ אפנ אָרט, נאָר באַזונדער. פייגע־ראָכע וועט אוועק צו פעסלענ, צו דער מיטעלער, יענער איז סײַווי שווער אליינ מיט דרײַ פיצלעכ. אונ סימענ וויל זי איבערלאָזנ דאָס שטיבל מיט דער בעהיימע.

עליע האָט גאָרניט געענטפערט. נאָר אַז כײַע־ריווקע האָט אים אינ דעמ נאָענטסטנ שאבעס נאָכמיטעק פאָרגעלייגט צוזאמענ ארײַנגיינ אביסל צו פייגע־ראָכענ, זי אונ די טאָכטער האָבנ ביידע געבעטנ, האָט עליע אָנ ווײַטערדיקע אויספרעגענישנ אײַנגעשטימט.

דער קיבעד איז באשטאנענ פונ עטלעכע צעקלאפטע עפל. נאָר דאָס שטיבל איז געווענ אויסגעווײַסט, דער ערדענער פאָל פריש אויסגעשמירט מיט אַ געמיש פונ מיסט אונ ליים. קענטיק, מע האָט אפ די געסט זיכ שטארק געריכט.

סימע איז געווענ אָנגעטאָנ אינ אַ ריינ געוואשנ בלוזקעלע. די געצוואָגענע שווארצע האָר, גלאט פארקעמט ארופ, האָבנ געשימערט. איר בלייכ לענגלעכ פּאָנעם מיטנ הויכנ שטערנ האָט זיכ צארט געלויכטנ מיט רעשטנ פרישקײַט. זי איז ניט געווענ קיינ שיינע, נאָר אינ אירע אויגנ אונ נאָכ מער ארומ איר מויל איז געווענ אַ מינ טרויעריקע ווייכקײַט. עליענ האָט זי געקענט פונדערווײַטנס, קיינמאָל באזונדערס וועגנ אים ניט געטראכט. איצט האָט זי אַ גאנצע וואָכ אפ אים געוואַרט, זיכ געגרייט אים באגעגענענ, פארבונדנ מיט אים האָפענונגענ, אינ איר האלטונג האָבנ זיכ געלאָזט מערקנ אירע צערודערטע געפילנ.

די יונגע האָבנ געשוויגנ. גערעדט האָבנ די מאמעס. זיי האָבנ גערעדט וועגנ דעמ, אַז ס'איז הײַנט אַ ביטערע צײַט. נאָר פונדעסטוועגנ זאלבאצווייט, אַז מ'איז ניט פויל, קאָנ מענ האָבנ אינ מויל. אונ די וועלט מוז דאָכ סאָפ־קאָלסאָפ זיכ שטילנ... דערנאָכ זײַנענ די מאמעס ארויס אביסל זיצנ אפ דער פריזבע, אונ די פאָר איז געבליבנ אליינ.

ביידע האָבנ זיכ געפילט צעמישט, ניט געוווסט וואָס אָנצוהויבנ. אמאָל געטראָפנ איינער אפנ אנדערנ אַ בליק אונ ווײַטער געשוויגנ. סימע איז די ערשטע ארויס מיט אַ וואָרט. זייער צוגעלאָזט האָט זי געזאָגט:

— איר זײַט געווענ אפ דער מילכאָמע, איכ שטעל זיכ פאָר, וואָס איר האָט איבערגעלעבט.

ער האָט געענטפערט, ווי זײַנ שטייגער, קורצ:

— וואָס איז דאָ צו ריידנ. ניט איכ איינער. מיליאָנענ מענטשנ...

אונ ווידער אַ שווײַגנ, וואָס מע האָט ניט געוווסט, וויאַזוי פונ דעמ ארויס.

עליע האָט געמאכט אַ באוועגונג אופצושטיינ. אַ פײַכטקײַט האָט זיכ באוויזנ אינ סימעס אויגנ. זי איז אלט געווענ נאָענט צו דרײַסיק יאָר. אלע אירע שוועסטער אונ ברידער, צווישנ זיי ייִנגערע פונ איר, האָבנ געלעבט מיט זייערע פאמיליעס, נאָר זי איינע איז געבליבנ אַ פארזעסענע, ניט ווײַל זי איז געווענ ערגער פונ די אנדערע, נאָר איבער איר געטרײַשאפט צו דער שטוב, ווײַל זי האָט פונ קליינווײַז אופ מער פונ די איבעריקע גענומענ אפ זיכ דעמ אָל. אלע זײַנענ זיכ איינציקווײַז צעלאָפנ, אונ זי האָט ניט געקאָנט פויעלנ בא זיכ איבערלאָזנ אלטע טאטע־מאמע

אלײנ. איצט האָט זי זיכ שוינ אויסגעמאָלט איר לעבנ אינײנעמ מיט עליענ, אונ איר הארצ איז אלצ מער אָנגעקוואָלנ מיט ווארעמקײַט צו אימ אונ מיט שרעק, טאָמער וועט עס ניט געשענ.

— איר ווילט שוינ אוועקגײנ?

— נײנ. אזוי...

ער איז נאָכ א ביסל געזעסנ, נאָר דער שמועס האָט זיכ ניט געקלעפּט.

עטלעכע וואָכנ נאָכ דער באגעגעניש איז געווענ די כאסענע.

ס'איז געווענ א שטילע סימכע אָנ ווײַנ, אָנ קלעזמאָרים, כאָסנ־קאלע אינ אלטע קלײדער. פונ אײַזנ—דאָס קעדושנ־רינגעלע. געסט האָט מענ גערופנ בלויז די נאָענטסטע פונ די מישפּאָכעס. נאָר די צדאָדימ האָבנ זיכ צונויפגעלײגט, אונ מע האָט געמאכט א גרויסנ האָניק־לעקעכ, אונ צו דער וועטשערע האָט מענ געקוילעט עטלעכע אויפעס.

לײקע האָט זיכ זײער צוגעבונדנ צו סימענ, אונ די וואָכנ פאר דער כאסענע אָפט פארבראכט מיט איר, געקושט זי, געקעמט די האָר. איצט איז זי אויכ געזעסנ לעמ איר, געהאלטנ איר האנט, געקוקט אפ איר מיט ליבשאפט.

דער לאָמפּ אינאָווּנט האָט געברענט ניט זײער ליכטיק, אונ באמ טיש איז מענ געזעסנ ענגלעכ. נאָר דער אוילעמ איז גאָרניט געווענ אראָפּגעפאלנ בא זיכ. מע האָט דערלאנגט א געריכט פונ קאבאקלעכ, האָט מענ זיכ געטרײסט.

— נישקאָשע, מירנ נאָכ עסנ געפילטע קארפּנ.

אײנער האָט געטרונקענ א גלאָז וואסער, האָט ער פארזיכערט:

— נישקאָשע, נישקאָשע, מירנ נאָכ טרינקענ ווײַנ.

— צײַטנ בײַטנ זיכ, מירנ עס שוינ געזענ.

— מע דערצײלט, די ווײַסע כאפּנ שוינ קלעפּ.

— אונ זײ וועלנ נאָכ כאפּנ.

עמעצער האָט אופגעזונגענ א ניגנ, אונ אלע האָבנ אונטערגעהאלטנ. פונ א טרויעריקס איז מענ גיכ אריבער אפ א פרײלעכס, אונ פּלוצימ האָט זיכ כײַע־ריווקע א שטעל געטאָנ אפ די פיס אונ גענומענ צופּאטשנ אפ דער דלאָניע מיט א שיקערלעכ־גליקלעכנ שמײכל.

— לאָזט מיכ ארויס!—האָט זי א קאָמאנדעווע געטאָנ, אונ מע האָט איר געמאכט א ווארע.

זי האָט געטאנצט מיט דער קאלע, מיט דער מעכוטענעסטע, מיט פעטערס אונ מומעס. מײער יאָרש איז, ווי געווײנלעכ, געזעסנ צוגעשלאָגנ אונ מיד.

— טשעפּע מיכ ניט, וואָס בינ איכ פאר א טענצער—האָט ער זי געבעטנ. נאָר ס'האָט אימ ניט געהאָלפנ.

— קומ, אלטער, קומ!—האָט זי אימ געצויגנ.—גיסט אויס דײַנ ערשטנ זונ.

— אײַ, כײַע־ריווקע! נו, כײַע־ריווקע!—האָט מענ זי גערימט—מירנ גאָרניט געווּסט, אז איר זײַט אזא פײַער.

א דערהיצטע האָט זי זיכ אומגעקערט צומ טיש, אינ איבערפלוס פונ ליבשאפט א קוש געטאָנ די קאלע, א קוש געטאָנ דעמ זונ.

— א גוט גלעזעלע אָט איצט וואָלט ניט געשאדט, א?—האָט עמעצער ארויסגעזאָגט א געדאנק.

— איר וועט זען מײַן וואָרט—האָט כײַע־ריווקע געענטפערט מיט א מין נעווײַשנ גלאנצ אינ די אויגנ—אָרעמע לײַט וועלנ נאָכ דערלעבנ פריילעכע צײַטנ.

מ׳איז זיכ צעגאנגענ ניט זייער שפעט. עליע מיט סימענ זײַנענ אוועק צו איר אהיים, ווו אלצ איז שוינ געווענ צוגעקליבנ פאר דער פאָר. אינדרויסנ איז געווענ פינצטער, ס׳האָט געבלאָזנ א פײַכטער ווינט. זי האָט זיכ געטוליעט צו זײַנ אָרעם. פארנ שוועל פונעם שטיבל האָט זי אימ פארהאלטנ א מינוט, אויסגעוואָרט, ביז די מאמע האָט פארמאכט הינטער זיכ די טיר, זיכ צוגעדריקט צו אימ אונ א קוש געטאָנ אינ מויל.

אפנ געלעגער, ענג ארומגענומענ נאָכדעם, אז מ׳האָט אײַנגעדרעמלט, האָט עליע דערפילט אפ זײַנ פּאָנעם אירע טרערנ.

— דו וויינסט?—האָט ער געפרעגט.

— פאר פרייד.

א ווינט האָט געוואָיעט הינטער דער וואנט, אונ עליענ האָט זיכ געדאכט, אז ער איז נאָכ אלצ אינ וועג. אינ עפּעס א מיטנ נאכט האָט ער זיכ אופגעכאפּט ארומגעהאלדזט פונ א געטרײַעמ פרײַנט.

א ווינט האָט געוואָיעט די נאכט אונ די קומענדיקע נעכט. די צוויי אינ קליינעמ שטיבל, צוגעטוליעטע אפנ געלעגער, האָבנ זיכ אײַנגעהערט אונ גערעדט:

— מע דארפ ארומוענ די פענצטער אונ די טירנ.

— אָנשלעפּנ נאָכ קורײַ.

— קארטאָפל אונ פּאסאָליעס אביסל איז דאָ.

— ברויט וועט אויסּפעלנ.

— אונ פאר דער בעהיימע.

— כ׳וועל פארדינענ. אונ צו וועסנע וועלנ מיר נעמענ א שטיקל ערד.

— אבי צוזאמענ, עליקל, איז קיינ זאכ ניט שרעקלעכ.

א זאווערוכע האָט געהוליעט, זיכ געוואָרפנ מיט א געפײַפ צו די כמארעס, געריסנ. געשמיסנ די שויבנ אונ די ווענט. די צוויי אינ קליינעמ שטיבל האָבנ זיכ אײַנגעהערט אונ אלצ נעענטער זיכ געפילט איינער צומ אנדערנ אונ צו זייער נעסט. אינ דער נעסט איז געווענ ווארעמ אונ שטיל. נאָר דאָס פלעמל איבערנ קאנעצ האָט לײַכט געציטערט.

---

פונ דער הויכ־ליגנדיקער באנ־סטאנציע האָט מענ געזענ ווײַט אפ צענער ווערסטנ.

אָפּגעגאנגענ פונעמ פאנצער־צוג א פּאָר הונדערט טריט, אָפּגערוקט פונ ביימער אונ געבײַענ איז געשטאנענ א באָכערל אינ א שינעל אונ געקוקט אינ סטעפּ. ס׳איז געווענ פעווראל. א נײַע גרויסע זונ האָט געשײַנט איבערנ ווײַס־בלאנקנדיקנ שניי. מע האָט געזענ די פלאכ־שטײַגנדיקע שטעטכנ אפ יענער זײַט קאָלאָניע, נאָר די שטיבלעכ אינ טאָל זײַנענ געבליבנ פארשטעלט. דער וועג איז געווענ פוסט, ארום קיינ מענטש.

דער טרומייט האָט אָפּגעשפּילט זאמל. דער רויטארמייער איז אוועק אפ זײַנ אָרט. דער שטאָלענער צוג האָט גערירט פאָרויס.

דאָס באָכערל אינעם שינעל איז געווען מוישקע יאָרש.

— מאמע—איז לייע געקומען דעם טאָג מיט א נײַס—אויס דעניקינ! די באָלשעוויקעס זײַנענ דאָ.

— זאָל שוינ זײַנ אפ לאנגע יאָר—האָט כײַע־ריווקע צוגעווינטשעוועט—עפשער וועט מענ שוינ דערלעבנ אביסל נאכעס.

עליע האָט גענומענ אינ רעווקאָם א כיילעק ערד. ס'האָט אָנגעהויבנ צו טריקענענ נאָכ די אָפּגעלאָפּענע וואסערנ, איז ער ארויס מיט סימענ אינ סטעפּ באטראכטנ דעם שטעכ. א טייל אָפּגעטיילט אפ הארבסט, א קלענערע טייל, ווערליק פאר זײַנע קיכעס, באשטימט צעאקערנ באלד. אָנגעצייכנט, ווו אויסזייענ קאָרנ, ווו פארזעצנ קארטאָפליעס, א פאסעקל פאר פראָסע, א פאסעקל פאר א באשטאנ.

פארנאכט איז עליע אוועק צו כאסקלענ זיכ צונויפרעדנ וועגנ די פערד. מיט פרימאקנ האָט זיכ אימ ניט געגלוסט האָבנ צו טונ. כאסקל שנאָל האָט אימ אופגענר־מענ זייער פרײַנטלעכ, געקלאפּט אפ דער פלייצע.

— ס'קומט דיר א מאזלטאָוו. וואָסטו ניט געבעטנ אפ דער כאסענע, מיר זײַנענ דאָכ אלטע גוטע ברידער.

עליע האָט זיכ פארענטפערט:

— כ'האָב קיינעמ ניט געבעטנ. אזא צײַט, ווייסט דאָכ אליינ.

— נו, אז דו האָסט מיכ ניט געוואָלט מעכאבעד זײַנ, וועל איכ דיכ מעכאבעד זײַנ—האָט כאסקל געזאָגט, אונ ער האָט א פינטל געטאָנ מיט אנ אויג צום ווײַב:

— דערלאנג, דו ווייסט שוינ וואָס.

אינ פינפ מינוט ארום האָט זיכ פונ ערגעצ א באהאלטענעם ווינקל באוויזנ א בײַכיקע פלאש ווישניק. מע האָט גענומענ צו גלעזלעכ אונ ווידער צו גלעזלעכ. דערנאָכ האָט דער באלעבאָס אָנגעגאָסנ פאר דרײַענ:

— ציפּקעלע, קומ נאָר אהער!—האָט ער א רופ געטאָנ דאָס ווײַב—טרינק אויס מיט אונדז.

א דארלעכע, א שלאנקע, א ציכטיקע, האָט זי געשווינד אונ שטיל קעסיידער עפּעס געטאָנ אינ שטוב אונ ארומ שטוב. איר פּאָנעמ, ווי נאָר ס'האָט זיכ געווענדט צו מענטשנ, האָט אלעמאָל געשפּילט מיט א שמייכל, אינ וועלכנ ס'זײַנענ פארייניקט געווענ ניכטערקײַט אונ רייצ. זי איז צוגעגאנגענ צומ טיש, שטייענדיק גענומענ אינ דער האנט דעמ קעלעשעק, צוגעווונטשנ, מע זאָל זײַנ געזונט, אויסגעטרונקענ ביזנ דעק, זיכ א קאפּעלע פארויטלט אונ איז אָנ אנ איבעריק וואָרט אוועק.

— הא, וואָסטו זאָגנ?—האָט כאסקל איר נאָכגעווונקענ שטארק צופרידנ.

ער איז אלצ פריילעכער געוואָרנ, אונ עליע האָט זיכ געפילט אלצ מער גערריקט, געוואָלט וואָס גיכער אריבער צומ געשעפטלעכנ געשפּרעכ אונ ניט געקאָנט געפינענ די פּאסיקע געלעגנהײַט דערצו. כאסקל האָט אימ ארויסגעהאָלפנ:

— איכ זע, דו ביסט נאָכ עפּעס געקומענ.

עליע האָט געזאָגט, וואָס ער האָט געהאט צו זאָגנ. כאסקל האָט זיכ אפ א ווײַלע פארטראכט.

— מע וועט עס קאָנענ מאכנ. איכ אליינ וועל זיכ גיכ אָפּפארטיקנ, דערנאָכ

וועסטו קאָנען נעמען די פערד. נאָר אָט וואָס, איך ווייס ניט, צי ס'וועט דיר לוינען. די פערד שטייען דאָך ניט ליידיק, זיי טראָגן מיר אַרײַן, דאַרפסט זיך באַקלערן.

— וואָס האָב איך צו קלערן. איך מוז דאָך, און וואָס דיר קומט, פאַרשטייט זיך, געוויס...

— איי, עלטשיק, עלטשיק!..—האָט אים כאַסקל ווידער א קלאַפּ געטאָן אַפן דער פּלייצע.—נו, גוט. וועסט אַרײַנגיין מאָרגן. איך וועל זיך מעיאשעון זײַן, דו וועסט זיך מעיאשעון זײַן.

כאַסקל האָט אים ניט אומזיסט געוואָרנט. ער האָט גענומען גאָר ניט וואָלוול. שוועל איז אָנגעקומען דער נײַער פאַר זייער ברויט. נאָר אזוי, צי אַנדערש האָבן זיך פון דער ערד באַוויזן די ערשטע גרינע שפּראָצן און מיט זיי איינײנעם די ערשטע האָפענונגען אין די הערצער.

דעמאָלט האָט אין איינעם א פרימאָרגן עליע זיך אומגעקערט אהיים גאָר גיך נאָך דעם, ווי ער איז אַרויס, און סימע האָט אים באַגעגנט מיט א געוויסער שרעק אין זײַן בליק. ער האָט זיך געהאַלטן געלאַסן.

— זעצ זיך—האָט ער איר געוויזן אַן אָרט לעבן זיך.

זי האָט זיך צוגעזעצט, ווו ער האָט פאָרגעלייגט. זי האָט זיך שוין געמאַכט פאַר איר געוויינשאַפט פאָלגן יעדן אויסדריק פון זײַן ווילן.

— ס'איז עפּעס געשען, יאָ?—האָט זי געפרעגט.

— יאָ, סימע.

און ער האָט דערציילט:

אַפּ די ווענט איז אויסגעקלעפּט א באַפעל, אַז מאַנצבלען פון דעם און דעם עלטער ווערן מאָבילי זירט אין דער רויטער אַרמיי. ער גייט אַרײַן אין צאָל פון די אָנגערופענע יאָרן.

ס'איז געווען פרילינג 1920. מילכאָמע מיט פּוילן, וורַאַנגעל אין קרים.

אַן אַגיטאַטאָר איז אַראָפּגעקומען פון שטאָט, און מע האָט געמאַכט א גרויסן מיטינג אונטערן אָפענעם הימל. ס'איז געקומען קינד און קייט, ווײַבער פון מענער און מאַמעס פון זין.

דער אַגיטאַטאָר איז געווען א יונגער מאַן, נאָר ער האָט גערעדט זייער גוט. „וויפל סאָנים ס'זײַנען אַפּ אונדז אויפגעשטאַנען, האָבן זיי איינער נאָך דעם אַנדערן געבראָכן דעם קאָפּ, און אזוי וועט זײַן מיט אַלעמען, וואָס וועלן זיך אונדז שטעלן אין וועג, ווײַל מיר זײַנען ניט אַליין, מיר האָבן פרײַנט צווישן אַלע פעלקער, אַפּ אונדז קוקן די אונטערדריקטע פון דער גאַנצער וועלט". ווײַטער האָט ער גערעדט וועגן ייִדן, צו וועמען זיי זײַנען געווען גענייגט פאַרן קייסער, וואָס זיי זײַנען אויסגעשטאַנען פון פעטליורא און דעניקינען, שקוראָ און מאַכנאָ. ער האָט גערעדט אַפּ ייִדיש, און אַז ער האָט אָנגערופן די עטלעכע יונגע לײַט פון דער קאָלאָניע צווישן זיי מוישקע יאָרש, וואָס זײַנען מיט מוטיקן הארצן אוועק אַפן פראָנט, „זיי שלאָגן זיך דאָרטן פאַר אײַער גליק, פאַרן גליק פון אַלע אַרבעטער, פון אַלע אָרעמע און געפּלאָגטע, זייערע נעמען דאַרפן זײַן פאַר אײַך א בײַשפּיל און א שײַן"... האָט זיך דערהערט א היכץ, א כליפּ פון פאַרשיידענע ווינקלען, און כײַע-ריווקעס

אויגן, וואָס זײַנען די גאנצע צײַט אײַנגעזויגן געווען אינעם רעדנער, האָבן זיך צעגליט פון טרערן און פון שטאָלץ.

די מאָביליזאציע איז זיך געגאנגען. עטלעכע באָכערים האָבן גענומען זייערע קלומעקלעך און זײַנען שטאָלץ אוועק, וווהין מע האָט זיי געשיקט. הילע פרימאק איז ניט געגאנגען—ווײַל ער איז א מיליציאָנער. ליאָני זשוק איז אויך ניט געגאנגען. כאסקל אויך ניט. נאָך אנדערע האָבן זיך אויסגעדרייט, כײַע־ריווקעס מײַנונג איז געווען קלאָר:

— כ'האָב שוין דאָרטן איין זון, גענוג. האָסט ניט לאנג כאסענע געהאט, היט דײַן שטוב.

עליע האָט געשוויגן. ער האָט גאָרניט געטאָן ניט דעם טאָג, ניט די טעג שפע-טער. סימע האָט אים אָנגעקוקט מיט אומרו, געפרווט מיט אים ריידן, נאָר ער האָט אלץ אָפּגעווענדט דעם שמועס:

— מירן זען, ס'איז נאָך דאָ צײַט.

נאָר זײַן ריי איז שוין געווען גאָר נאָענט. באנאכט האָט ער זיך אָפּט געוודערט אפּן געלעגער, געקערט זיך פון זײַט אף זײַט, געזיפצט. סימע האָט אים א פּאָר מאָל א רוף געטאָן: „עליק!“... ער האָט זיך געמאכט ניט הערנדיק.

אינדערפרי. זי איז געווען פארנומען מיט די ערשטע ארבעטן ארום שטוב, האָט ער זי אינמיטן אפּ א רעגע פארהאלטן מיט א ריר פון דער האנט, זיך אָפּגעשטעלט, אביסל אָנגעבויגן דעם קאָפּ, ווי א שולדיקער.

— סימעלע—האָט ער געזאָגט—איך האָב זיך באטראכט, פארשטייסט, ס'איז ניט פאר מיר קיין ארבעט. דעם קייסער האָב איך געדינט. ווי זאָגט מען עס, פארן שווארציאָר, איצט זאָל איך זיך ארויסדרייען?..

— עליק, ווארפסט מיך אוועק?—האָט די פרוי אויסגערופן א דערשלאָגענע.

— וואָס רעדסטו עס, קינד?—האָט ער געזאָגט מיט ווייכקײַט.—דו פארשטייסט, טאָמער כאָלילע טאקע גיבן יענע א שפאר, וואָס פאר א ווערט האָט דעמאָלט אונ-דזער לעבן? און איך בין דאָך ניט איינער. וואָס ס'וועט זײַן מיט אלעמען, דאָס וועט זײַן מיט מיר.

סימע האָט, אפּאָנעם, פארשטאנען, אז ס'איז זייער ערנסט. זי איז באלד אוועק צו דער שוויגער, און יענע איז געקומען צו לויפן. זי האָט אײַנגעטײַנעט מיטן זון, געוויינט פאר אים איניינעם מיט דער שנור. ער האָט אײַנגעשטילט די פרויען, ווי ער האָט געקענט, נאָר געהאלטן זיך בא איינס.

— איך קען ניט, איך קען ניט. דעם קייסער האָב איך געדינט, און איצט פאָרט, ווי זאָגט מען עס, אן אייגענע זאך. איך קען ניט.

פון דער שוויגער איז סימע אוועק צו לייען אין ראט, ארויסגערופן זי אין הויף, דערציילט, געזוכט מיטגעפיל. יענע האָט אויסגעהערט און איז פלוצים ארויס מיט ווערטער, פון וועלכע סימע איז גאָר צעמישט געוואָרן.

— ביסט ניט קיין באַווסטזיניקע, דעריבער רעדסטו אזוי. אונדזערע ברידער קעמפן, און וואָס טוען מיר?

סימע איז מיטאמאָל שטיל געוואָרן און אָנגעהויבן גרייטן דעם מאן אין וועג

ארײַנ, פארלאטעט א פּאָר העמדער, אָנגעטריקנט סוכארעס. עליע האָט שוינ ווײניק וואָס געקאָנט אופּטאָנ אינ דער באַלעבאַטישקײַט פאר די פּאָר איבערגעבליבענע טעג. ער האָט פאריכט דעם טויער פונ שטאַל, ער זאָל זיכ בעסער פארמאַכנ, פארלײט דעם עמער, ער זאָל ניט רינענ. ער איז ארויס גאנצפרי אפנ גאָרטנ באטראכנ, ווי ס׳וואקסנ די רעטעכלעכ, די ציבעלעס, די מערנ, ארויס אינ סטעפּ זענ, ווי סע זאנגלט זיכ דער קאָרנ, געמאכט בא זיכ א כעזשבנ, וואָס לאָזט ער סימענ איבער, ווי וועט זי זיכ דורכלעבנ אָנ אים. נאָכ גוט, וואָס זי וואַרט ניט אפ קײנ קינד, האָט ער זיכ געטרײסט.

ער האָט איצט אָפט געקוקט אפ סימענ, ווענ זי האָט ניט באמערקט. „כ׳האָב מיט איר געטראָפנ"... האָט ער מיט ליבשאפט געטראכט וועגנ איר. „אז גאָט וועט געבנ, מע וועט זיכ אומקערנ אינ די היימענ, וועט זי מיר זײַנ א גרויסע הילפ"...

אלצ איז שוינ געווענ באשטימט אונ גרײט. הײסט עס, ווידער די ווינטאָווקע אינ דער האנט! עליע האָט געפילט, דאָס איז א גרויסער באשלוס. דער מארכ, דער גאנצער קערפּער איז אים געווענ אומגעווײנלעכ אָנגעשטרענגט, אונ א מינ פײַערלעכ געפיל איז אומבאמערקט ארויסגעוואקסנ פונ זײַנ אינערלעכער צערודערטקײַט, א באוווּסטזײַנ פונ דער אכרײַעס, וואָס ער האָט גענומענ אפ זיכ, אונ נאָכ א באהאלטענער פארלאנג איז אים עטלעכע מאָל געקומענ צום געדאנק אינ די טעג—דורבאָק זאָל וויסנ פונ זײַנ שריט.

פארנאכט, ערעוו זײַנ אוועקפאָר איז ארײַנגעקומענ לײע. איר פּאָנעם איז געווענ שטרענג. אינ אירע אויגנ איז געווענ יענער פײַער, וואָס האָט דאָס לעצטע יאָר זיכ אָפטמאָל אינ זײַ געוויזנ. זי איז געווענ א פּאָר שאָ, צוגעהאָלפנ סימענ אויספּרעסנ פאר עליענ א בלוזע.

אז זי האָט זיכ אויסגעקליבנ אוועקגײנ, האָט זי א זאָג געטאָנ צום ברודער:

— קום, וועסט מיכ אַביסל אונטערפירנ.

ס׳איז געווענ אָוונט. די שטיבלעכ אינ דער טונקל—קלײנ, בא דער ערד. איבערנ קאָפּ אינ דער הײכ—א ריזיקער הימל מיט שטערנ. לײע האָט געזאָגט:

— ווײסט, עליק, איכ וועל אינדערהײמ לאנג ניט בלײַבנ. איכ גײ אויכ אוועק. גאָר אינגיכנ.

— וווּהינ?

— אינ טשעקא. אויב מע וועט מיכ נעמענ.

— ביסט באַם זינענ? וואָס וועסטו דאָרטנ טונ?

— וואשנ פּאָלנ. וואָס מע וועט הײסנ. דערנאָכ, מע וועט מיכ דערקענענ, וועט מענ מיכ צולאָזנ צו אנדערע ארבעט.

— ס׳איז ניט פאר דײַנע קויכעס.

— וואָס קאָנסטו וויסנ מײַנע קויכעס?

עליע האָט א קוק געטאָנ אפ דער שוועסטער מיט כידעש אונ מער גאָרניט געזאָגט.

---

## דריטער קאפיטל

# ווידער מיט דער ביקס

אז עליע יאָרש איז געפאָרנ אפנ פראָנט, האָט ער זיכ פריִער פאר אלצ אָנגענומענ מיט געדולד, מיט דער אויסגעפרוּווטער שטילקייט, אז מע מוז דערציִענ ביזנ סאָפ. ער איז נאָר געווענ פארזאָרגט וועגנ אייניקע קלייניקייטנ, געדענקט פונ אמאָל, אז אינ אזעלכע אומשטענדנ דארפ מענ זיי האָבנ אינ זינענ. א רוקזעקל האָט ער זיכ צוגעפאסט אינדערהיים, נאָר די שטיוול, אשטייגער, זײַנענ שוינ קימאט גאָר קיינ שטיוול ניט געווענ. ווער ווייסט, צי מע וועט אזוי גיכ ארויסגעבנ נײַע. „נאָכ גוט, וואָס עס גייט צו זומער״, האָט ער זיכ געטרייסט.

אפ א קליינער סטאנציע ניט ווײַט פונ קיִעוו איז ער אראָפגעשטיגנ. אונ מיטאמאָל האָט ער זיכ דערזענ אינ דער מיט פונ עפעס א רוישיקער אונ ליכטיקער כעוורע. ס'איז אימ אינ דער ערשטער מינוט ניט קלאָר געווענ, פונוואנענ די ליכטיקייט גייט—פונעם גרינעמ, זוניקנ דרויסנ, פונ דער מענגע בלאָנדע קעפ אונ יונגע פענימער, צי פונ די הילכיקע פריילעכע קוליעס.

עליע האָט אָפגעזוכט א פרײַ ערטל אפנ גראָז אונ זיכ אנידערגעזעצט. דער גרוילסער אוילעם ארומ אונ ארומ האָט אויסגעזענ, ווי איינ פרײַנטלעכ־פארכאוועסטע מישפאָכע. מע האָט זיכ איבערגעוואָרפנ מיט רייד, געטיילט זיכ מיטנ ביסנ, געשפריצט איינע אפ די אנדערע מיט וואסער פונעם קראנ, אומגעגאנגענ ארומגענומענ צו צוויי, צו דרײַ אונ פארטרוילעכ געשמועסט. מיט כידעש אונ דאָרשט האָט עליע זיי נאָכגעקוקט. אלצ אינ זיי איז אימ געווענ נײַ אונ האָט אימ פארשאפט פארגעניגנ, געוועקט מינוטנװײַז פארליבטקייט, כאָטש ער איז, ווי שטענדיק, געבליבנ אײַנגעהאלטנ אונ קארג אפ א וואָרט. פונ די שמועסנ ארומ אימ האָט ער זיכ געמאכט אנ אויספיר: פארטיי. קאָמסאָמאָל. פונ מאָסקווער זאוואָדנ. זיי האָבנ געהערט ריידנ לענינענ... עמעצער האָט אימ א פרעג געטאָנ: „וועהינ, אינ וועלכער טייל? אינ דער זעלבער וואָס מיר. אויסגעצייכנט״. פונ מידקייט אונ זונ האָט עליע זיצנדיק צוביסלעכ געדרימלט. איינער, אנ עלטערער, ווײַזט אויס, האָט געמאָלדנ, אז מע וועט דאָ בלײַבנ אפ דער סטאנציע ביז סאָפ טאָג. איז עליע אופגעשטאנענ אונ ערגעצ אוועק. אינ א פאָר שאָ ארומ האָט ער זיכ אומגעקערט מיט אנ אײַזערנ לאָפעטקעלע צוגעבונדנ צו דער זײַט, דער שטעקנ אפ דער העלפט אָפגעקירצט אונ אויבנ ארומגעגלעט.

— צו וואָס איז עס?—האָט אימ א שאָכנ געפרעגט.

— אָנ דעמ איז, ווי אָנ א האנט.

— אונ ווו האָסטו עס געקריגנ?

— דאָ אינ א כוטער ניט ווײַט, אויסגעביטנ אפ מײַנ אלטנ פידזשאק. כ'האָב מוירע, מע וועט אזוי גיכ ניט געבנ.

— מירנ זיכ באגיינ אָנ דעמ,—האָט יענער די זאכ געמאכט צונישט.

עליע האָט מער גאָרניט געזאָגט, נאָר א טראכט געטאָנ: „א יונגער. ס'איז אימ דאָס ערשטע מאָל״.

די מערהײַט אוילעמ איז דאָ באשטאנענ פונ יונגווארג, וואָס האָבנ נאָכ קיינ פולווער ניט געשמעקט.

באנאכט איז מענ געלעגנ אינ פעלד צווישנ נידעריקע שיטער־צעוואָרפענע קוסטעס. אנטקעגנ—א טונקעלע וואנט וואלד, דעמ סוינעס פאָזיציע. א ריפטל לעוואָנע האָט שוואכ באשײַנט די געגנט, ס'איז געווענ שטיל, עפעס א באשעפעניש האָט דורכגעשורשעט אינ גראָז, אָנ רויש האָט איבער די קעפ דורכגעשווינדלט א פויגל, מיטאמאָל—א שאָס באמ סאמע אויער.

— וואָס איז געשענ?—האָט עליע באמ כאווער געפרעגט.

— אזוי, פונ פריילעכקײַט וועגנ.

— מע דארפ ניט. א טומל. אונ קיינ איבעריקע פאטראָנעס זײַנענ, מיטסטאָמע, ניטאָ.

סעריאָזשע קרוטאָוו האָט גאָרניט געענטפערט. דאָס איז געווענ א שלאנק באַכערל מיט א מענעריש־ערנסטער מינע אפנ פּאָנעמ, כאָטש דער אויסדריק פונ מויל אונ די קײַלעכיקײַט פונ די באקנ האָבנ געהאט אינ זיכ עפעס קינדישס. ער האָט פארשטאנענ, אז יאָרש איז גערעכט אונ געזאָגט צו זיכ: „מער ניט!"... נאָר אָפנ מוידע זײַנ האָט עפעס ניט געפאסט, מע האָט געשוויגנ לאנג. עליע האָט א פרעג געטאָנ:

— האָסט אימ געזענ?

— ועמענ?

— לענינענ.

— ער האָט פאר אונדז געהאלטנ א רעדע. מיט אימ, ברודער, איז אונדז קיינ סוינע ניש שרעקלעכ... ווייסט? הײַנט־מאָרגנ הייבנ מיר אָנ אנ אָנגריפ. מירנ זיי צעשמעטערנ.

— יאָ?

— קלאָר, אנדערש קאָנ דאָס ניט זײַנ.

ס'איז געשענ פריִער, ווי מע האָט זיכ גערעכנט. נאָכ האלבער נאכט איז דער מיליטקאָמ דורכגעגאנגענ איבער די טיילנ. א געמיש פונ באהאלטענעמ שוידער מיט אנ אומגעדולד, ס'זאָל זיכ שוינ גיכער אָנהייבנ, האָט ארומגעכאפט די רויטארמייער. דאָ אונ דאָרטנ האָבנ זיכ געהערט שטילע רייד, מע האָט אליינ געפיבערט אונ זיכ נאָכגעפרעגט באמ כאווער:

— כאפסט א ציטער?

— פאראנ א קאפעלע.

— אָבער ווייסט, ניט דרייפע!

— קאָמסאָמאָל ווייסט ניט פונ קיינ פאניקע.

פאר שאריִענ איז געווענ די קאָמאנדע—אינ אטאקע. אזעסדיק, מיט פאראכטונג צומ פײַנט אונ צומ טויט האָבנ זיכ די יונגע ארבעטער געוואָרפנ אינ פײַער. מע האָט געשניטנ די דראָט־פארצוימונגענ מיט שערנ, געריסנ מיט די באגנעטנ, געטראָטנ מיט די שטיוול. אינ ראש פונ שלאכט האָבנ זיכ געהערט אויסרופנ אינ נאָמענ פונ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע, שטיקלעכ געזאנג פונ אינטערנאציאָנאל.

קערפּערס זײַנען אומגעפאַלן און געבליבן טונקלען אַף די שטעכלקעס. ס'האָט געבליט אַף טאָג.

איבערגעקומען א הונדערט מעטער, האָט מען זיך אנידערגעלייגט.

— נא, גראָב זיך אונטער,—האָט עליע צוגעוואָרפן זײַן לאָפּעטקעלע סעריאָזשען, וואָס איז געלעגן ניט ווײַט פון אים איינגאַנצן פונויבן, ניט פאַרשטעלט.

ווײַטער האָט מען זיך ניט גערוקט. דער אָפענער שטעטל קענען וואַלד איז געווען זייער ניט באַקוועם פאַר די אָנגרײַפער. דער קלאַפּ דאָ אין צענטער האָט געהאַט קנאַפּע אויסזיכטן אַף דערפּאָלג. זײַן צוועק איז געווען בינדן די קויכעס פונעם קעגנער און אָפּציען זײַן אויפמערקזאַמקייט פונעם גרויסן פלאַנג־מאַנעווער, וואָס בר־דיאָניס־אַרמיי האָט שוין צו יענער צײַט געהאַט פּירגענומען. טאָג נאָך טאָג האָבן די רויטע באַטאַליאָנען באַנײַט זייער דרוק אַף די שטאַרק־פאַרשאַנצעוועטע פּאָזיציעס פון די ווײַספּאָליאַקן. צעשפּילעט די העמדלעך, מיט אָפענע פאַרברוינטע העלדזער, מיט קעפּ ליכטיקע, ווי סאָנעשניקעס, האָבן די קאָמסאָמאָלצעס נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל איבערגעכאַזערט זייערע אַטאַקעס. עליען איז איטלעכער געפאַלענער געווען, ווי א פּאַס אויסגעשניטן פון זײַן לײַב. „אַזוינע יונגע טײַערע—צעריבן, צעפּאַטערט. אַזאַ שאָדן ניט אומצוקערן, און מע שטייט אַף איין אָרט"... האָט ער געטראַכט, גלײַענדיק פאַר ווייטעק.

אינאָווענט, אין א שטילער שאָ, האָבן עליע און סעריאָזשע גערעדט וועגן די, וואָס נאָך אינדערפרי זײַנען זיי געווען און איצט—שוין ניטאָ.

— וויפל איז געבליבן פון פּאָלק? שוין גאָר א קליינ הײַפעלע,—האָט עליע געזאָגט.—אַזויפיל אנידערגעלייגט און ניט פון אָרט.

— מע ווייסט וואָס מע טוט,—האָט באַלערנדיק און שטרענג אים סעריאָזשע געענטפערט.—מיסטאָמע, דאַרף מען אַזוי.

„אַך, איז עס א יאַט", האָט עליע געטראַכט מיט כידעש. „דאַכט זיך א פּראָסט יינגל, א נאַש בראַט, פונוואַנען נעמט זיך צו אים אַזאַ קויעך?"...

— וויפל ביסטו אַלט?—האָט עליע געפרעגט.

— זיבעצן מיט א האַלבן.

— יאָ, קאָמסאָמאָל...

עליע האָט זיך איצט קעסיידער אונטערגעגעבן מוט ניט אראָפּצופאַלן אין די אויגן פון דער יוגנט: געטרײַ געוואַכט אַף זײַן פּאָסט, געגאַנגען פאָרויס אײַנעם מיט אַלעמען, אין גרעסטן פײַער ניט פאַרלוירן זײַן געוויינלעכע זאַכלעכקײַט, זיך צוגע־הערט צו דער קאָמאַנדע, געהאַלטן פאַרבינדונג מיט די כאַוויירים פון רעכטס און לינקס, ניכטער אכטונג געגעבן אַף דעם, וואָס עס טוט זיך אַרום אים. נאָר ס'איז אים אָנגעקומען ניט גרינג. פון דער שיסערײַ באַטאָג און באַנאַכט און די אָפּטע אַטאַקעס האָט ער זיך געפילט זייער אָנגעשטרענגט, ביז ווייטעק אין די שלייפן. און אַז ער האָט אין איינעם פון די טעג א גרינג-פאַרוווּנדעטער זיך אופגעכאַפּט פון א קורצער פאַרכאַלעשטקײַט און דערזען זיך אַרויסגיין פון דער פאָדערשטער ליניע אָפּן וועג צום אָקאָלאָטאָק, האָט ער דערפילט אַן אָפּרו איינעם גאַנצן לײַב.

לעם דער דאָקטערשע האָט זיך עליע לעכאַטכילע דערפילט, ווי לעם א מאַמען. דאָס איז געווען א באַיאָרטע פרוי, מיט ברייטע קלובעס און פעסטע קינבאַקן, די

גרויע אויגנ—גוטמוטיקע אונ דורכגעטריבענע, אינ ברילנ. זי האָט נאָכנ באטראכטנ אימ געטרייסט:

— איר האָט גוט אָפּגעשניטנ. די קויל איז דורכגעגאנגענ פונ אויבנ, א ריצ אינביינ ניט זייער טיפ. אינ עטלעכע טעג קאָנ זיכ עס אויסהיילנ דאָ אפנ אָרט, אונ מירנ אייכ פארשפּאָרנ שיקנ ווייטער.

עפּעס האָט זי אינ אימ באמערקט, ווייזט אויס.

— איר האָט זיכ געריכט אפ לענגער?—האָט זי א פרעג געטאָנ.

אונ ס'האָט בעקלונגענ, ווי שפּאס איבער זיינ שוואכקייט. עליע האָט זי אָנגעקוקט מיט אומרו. אינ איר בליק האָט געפינקלט געלעכטער, כאָטש אינ איר קאָל איז דאפקע געווענ א ביטאָנ פונ צארטקייט, פונ מיטגעפיל. אפ מאָרגנ, ווענ זי האָט אימ איבערגעבונדנ, איז עליעס פּאָנעמ געווענ צוגעטוליעט א ווײַלע צו איר ווייכנ לייב. אונ ווידער האָט ער געהאט א געפיל פונ א קינד לעמ א מאמענ. זי האָט אימ אויסגעפרעגט, פונוואנענ ער איז, צי ער האָט א פאמיליע, געווירע געוואָרנ, אז ער האָט געדינט אינ דער צארישער ארמיי אונ איז שוינ איינמאָל געווענ פארוווּנדעט.

— איז ווי, אָפּשיקנ אייכ אינ לאזארעט?—האָט זי א פרעג געטאָנ ווידער מיט עפּעס א צווײדײַטיקייט אינעמ טאָנ.—א טאָג צענ וועט מענ אייכ דאָרטנ האלטנ.

עליע האָט געשוויגנ. ער האָט זיכ געפילט געפּעגט, אָנ ווילנ. ס'זײַנענ דאָ געווענ עטלעכע מיט אימ פונ איינ ראָטע, האָט ער זיי אויסגעמיטנ, ווי מוירע געהאט, אז זיי וועלנ בא אימ עפּעס מאָנענ. ס'האָט אימ געצויגנ צו זײַנ אליינ. אינ דער שטיל, פארטרויענ זיכ דער זאָרג פונ די שוועסטער אונ זייערע מילדע הענט, אונ מער מיט קיינעמ ניט ריידנ. אונ איינצײַטיק האָט געמוטשעט א פארדראָס אפ זיכ אונ א כארפּע, אז אלע זעענ אימ אפ דורכ אונ דורכ, איבערהויפּט זי, דורכ די ברילנ אירע. זי כויזעקס, פרווט אימ אויס. עליע איז דעמ גאנצנ טאָג ארומגעגאנגענ א דערשלאָגענער, קיינעמ אינ די אויגנ ניט געקוקט. פארנאכט האָט ער זיכ בענומענ דרייענ ארומ דער דאָקטערשע. אינמיטנ א פארטאָנענעמ גאנג אירנ האָט ער זי אָפּגעשטעלט אונ טויב, אפילע בייזלעכ א זאָג געטאָנ:

— מע דארפ מיכ ניט שיקנ אינ קיינ לאזארעטנ, וואָס וועל איכ דאָרטנ טאָנ? איכ גיי דאָכ ארומ, שיקט מיכ צוריק אפ דער פּאָזיציע.

די דאָקטערשע האָט אימ אָנגעקוקט א רעגע מיט איר קלוגנ שמייכל, א בלעטגעטאָנ איבער דער פלייצע אונ געזאָגט פראָסט:

— רעכט, מאָרגנ.

מיטאמאָל האָט ער זיכ דערפילט פרײַ, אונ מאָדנע דערפרישט. פאר די אויגנ—ליטער, אויס טומאנ. די זונ איז פארגאנגענ. פונ עק הויפ האָט זיכ אפ א ווײַטנ מעהאלעכ געעפנט דאָס פעלד. דאָרטנ הינטער בערגל איז געלעגנ זײַנ פּאָלק. א װארעמקײַט איז אימ צוגעפלאָסנ צומ הארצנ, ס'האָט מיט קויעכ א צי געטאָנ אהינ, צו יענער גרענעצ, ווו די כאווײרימ זײַנענ איצט אפ דער וואכ, אונ אימ איז געווענ גוט פונעמ געדאנק, אז ער איז פאר זיי ריינ.

ער האָט אָפּגעזוכט א באקאנטנ, א באָכער פונ זײַנ ראָטע, זיכ לעמ אימ צוגעזעצט.

— נא, פארדריי,—האָט ער פאָרגעלייגט זײַנ מאכאָרקע.

זיי האָבןביידע געריכערט שווייַגנדיק. ס'האָט געטונקלט. פון דער ווייַט האָט זיך דערטראָגן א טאראטאכקען פון מאשין־געווער.

— א מאקסים.

— אונדזערער.

עליע האָט געזאָגט:

— מאָרגן גיי איך צוריק.

— און מיך שיקט מען ווייַטער. שלעכט מיט מייַן האנט,—האָט דער כאווער געזאָגט.—פארשטייסט, וואָס עס פארדריסט, געפאָרן אזא וועג, זיך געגרייט, און איינטריט געמאכט, איין מינוט האָט עס געדויערט, און שוין, פארענדיקט, ארויס פון קאָן...

---

סעריאָזשע האָט זיך שטארק דערפרייט מיט עליען.

— און דער קאָפּ?—האָט ער געפרעגט, דערזעענדיק, אז עליע איז פארבינטעוועט.

— ס'איז שוין בעסער. טאָמער וועט מען דארפֿן נאָכאמאָל איבערבינדן, וועל איך צוגיין. ס'איז דאָך ניט ווייַט.

— דאָס האָסטו ריכטיק געטאָן. יעדער מענטש איז דאָ איצטער א געווינס.

זיי זייַנען געלעגן ביידע אף דער וואכ. ס'איז געווען שפעט נאָך האלבער נאכט. שטערן, וואָס מע האָט זיי פריִער ניט געזען, זייַנען אופגעגאנגען, אנדערע האָבן זיך אראָפּגערוקט. די גרויסע בערעכע איז געשטאנען מיטן עק ארופ. אין זייַנע וואכ־נעכט האָט עליע זיך צוגעקוקט צו די באוועגונגען און געמאכט זיך סימאָנים.

— נאָך א שאָ דארפ שוין טאָגן.

אָן קיין שום פארבינדונג מיט דעם, וואָס זיי האָבן גערעדט, האָט ער זיך דערמאָנט עפּעס, וואָס האָט שוין, אפּאָנעם, פריִער באשעפטיקט זייַן געדאנק.

— אָט איז דער קאָמיסאר פון אונדזער בריגאדע א פּאָליאק.

— ער איז דאָך א באָלשעוויק,—האָט סעריאָזשע ניט פארשטאנען, וואָס איז דער כידעש.

— נו, יאָ, ס'א גרויסע זאכ—מיט די נאציעס...

— ס'איז עפּעס הייַנט זייער שטיל,—האָט סעריאָזשע אופמערקזאם געמאכט.

אָנהייב אָוונט האָט די פייַנטלעכע ארטילעריע א האלבע שאָ צייַט דערלאנגט פייַער. שפּעטער האָבן אין עטלעכע ערטער גאנץ קורץ זיך געלאָזט הערן קוילנוואַרפער. דערנאָך איז אלץ אנשוויגן געוואָרן. קיין גערודער, קיין קאָל.

— ס'איז עפּעס מאָדנע שטיל, וואָס קאָן עס זייַן?

עטלעכע רויטארמייער־אויסשפּירער זייַנען פארבייַגעגאנגען און פארפאלן געוואָרן אין די קוסטעס. אינגיכן זייַנען זיי געקומען צוריק מיט א ידיִע, אז אף יענער זייַט איז קיינער ניטאָ, קיין שאָטן פון קיין מענטש אף א קילאָמעטער די טיפ.

ס'איז געווען קלאָר, אז דאָס, אף וואָס מע האָט שוין עטלעכע טעג געווארט, איז געשען: דער סוינע טרעט אָפּ... גיכער פאָרויס! מע האָט שוין א ביסל פארשלאָפן.

ס'האָט געהעלט. די שפּיצן ביימער האָבן זיך גערויטלט. מע האָט געשפּארט מיט

אַלע קויכעס אָנצויאָגנ די אנטלאָפענע, צוקוועטשנ זיי צום טײַך. נאָך דער שלאָפלאָזער נאכט האָט זיך עליע געפילט גרינג, ווי פליגל וואָלטנ אים קעסיידער אונטערגעהויבנ. צווישנ די שטאמענ האָבנ זיך געוואלגערט גלאנצנדיקע סנאריאדנ. ניט קיינ צוגעראמטע טעלעפאָנ־שנורנ, אײַליק אָפגעשניטענע פונ די אפאראטנ, האָבנ זיך געצויגנ ווערסטנ לאנג. טוי האָט גענעצט די שיך, פייגלענ האָבנ געזונגענ.

פלוצים איז מענ ארויס פונ וואלד, אונ אנטקעגנ האָבנ א שײַנ געטאָנ טורעמס אונ גאָלד־שפיצנ צווישנ צעוואקסענע סעדער אפ בערג, באלויכטנ פונ פרימאָרגנדיקער זונ.

„קיִעוו!“... איז דורכגעלאָפנ איבער די רייענ.

„קיִעוו!“... האָט מענ דעם נאָמענ ארויסגערעדט מיט געזאנג, הויבנדיק די אויגנ צו דער שטאָט, דער שיינהײַט.

נאָר די פאָלקנ פונ דעם אָפשניט זײַנענ אינ קיִעוו ניט ארײַנ. די װײַספאָליאקנ האָבנ אופגעריסנ די בריקנ, אונ מע האָט געמוזט מאכנ אנ אומוועג אפ אריבערקומענ דעם דניעפר. אינ די אָפענע ערטער האָט מענ נאָכאמאָל אונ נאָכאמאָל געווענדעט די בליקנ צו די מויערנ אונ קופאָלנ אפ די גרינע הויכנ.

---

עליע יאָרש איז געגאנגענ אקסל צו אקסל מיט זײַנ פאָלק, א פארשטויבטער, א פארשווארצטער, מיט דער ביקס אינ דער האנט, געטרײַ זיך באוועגט פונ שלאכט צו שלאכט.

טיפ אינאָווענס איז מענ ארײַנ אינ א שטעטל, וואָס דער סוינע האָט אָפטרעטנדיק אונטערגעצונדנ. בא ביידע זײַטנ פונ דער ברייטער גאס האָבנ געפלאמט די אלטע אויסגעטריקנטע הילצערנע שטיבלעך. קיינ וואסער האָט זיי שוינ ניט געקענט העלפנ. אפ דער מיט פונעם העל־באלויכטענעם שליאך זײַנענ געלעגנ צוויי קערפערס פונ יִדישע באָכרים, וואָס די װײַספאָליאקנ האָבנ אוועקגייענדיק פארנומענ אונ גלײַך דאָ אפנ אָרט זיי דערשאָסנ. שוועסטער אונ מאמעס האָבנ געיאָמערט, געריסנ זיך די האָר פונ די קעפ. די גאנצע איידע איז געווענ אינ דרויסנ. געזינדנ זײַנענ געזעסנ אפ די צונויפגעוואָרפענע בעבעכעס אנטקעגנ די ברענענדיקע הײַזער. אנ אויפעלע מיט א פארויטלט בעקל אינ סרייפע־שײַנ האָט געדרעמלט אפ דער מוטערס אָרעם, דאָס מײַלכל צוגעטוליעט צו דער אָפגעדעקטער ברוסט. אנ אָפהענטיקע רויִקײַט איז געווענ אינ אלעמענס האלטונג. יִדענעס האָבנ געשאָקלט מיט די קעפ אונ געשעפטשעט מיט די ליפנ, דערקענענדיק אינ די רויט־פארקוילטע קלעצער די צעפאלנדיקע װינקלענ אונ קעמערלעך פונ זייערע וווינונגענ. א בריט־פענעמדיקער בערדיקער ייִד אינ א שטיול אינ א קורצ וואטאָווע לײַבל האָט פאמעלעך אָפגעשפאָלטנ פונ א ברעט א לענגלעך קינעלע, געהיט עס אויסגעשטרעקט, אָנגעצונדנ באם שײַטער אונ פארויכערט דערמיט זײַנ ליולקע.

דער קאָמיסאר איז צוגעריטנ צו די געהארגעטע. אויסגעהערט, ווער זיי זײַנענ געווענ, איז ער אראָפ פונ פערד. ער האָט אופגעהויבנ די האנט, אונ די צוקומענדיקע טיילנ האָבנ זיך פארהאלטנ אפ עטלעכע מינוט, אויסבילדנדיק א גרויסנ געזעמל. מע האָט צוגעטראָגנ די רויטע שלאכט־פאָנ פונ פאָלק אונ אײַנגעשטעלט זי צוקאָפנס פונ די קערפערס. די צוויי יונגע זײַנענ געלעגנ אפ די פלייצעס, שטרענג

אויסגעגליַכט, די הענט פארלייגט אפנ הארצנ, די אויגנ פארמאכט. צווישנ די פלאקערנדיקע ווענט איז דאָ איניינעם מיט די רויטארמייער געווענ פארזאמלט דאָס גאנצע שטעטל. דער קאָמיסאר האָט זיכ ארופגעשטעלט אפ א פור. זײַנ רעדע איז געווענ קורצ. ווי דער יאם ניט אויסצומעסנ, זײַנענ די לײַדנ פונעם ארבעטערפאָלק, האָט ער געזאָגט, און נאָר איינ ענטפער איז פאראנ: פארניכטנ די הערשאפט פונ עקספלואטאציע אונ מערדערײַ. ער האָט אָנגערופנ די נעמענ פונ די אומגעקומענע, ער האָט זיי אויסגערעדט צום ערשטנ מאָל, נאָר די הערצער פונ די קעמפער, האָט ער געזאָגט, וועלנ שוינ קיינמאָל אָט די נעמענ ניט פארגעסנ.

א שטורעמדיקער געיאָמער האָט אויסגעבראָכנ נאָכ זײַנע ווערטער. צווישנ געוויינ אונ ווינטשענישנ האָבנ די רויטארמייער גערירט ווײַטער.

— צעברעכט זיי!—האָט מענ זיי אָנגעזאָגט.

— קערט זיכ אום געזונטערהייט!

— אײַער קויעכ זאָל אײַכ דינענ ביז צום גליקלעכנ סאָפ!

א גרופע יונגע באָכרים האָט זיכ אויסגעטיילט פונעם אוילעם אונ זיכ דערנעענטערט צום קאָמיסאר, וואָס איז שוינ געזעסנ אפנ פערד.

— גיט אונדז געווער, מיר ווילנ צו אײַכ,—האָט איינער פונ זיי געמאָלדנ.

דער קאָמיסאר האָט געענטפערט קורצ:

— גייט דערווײַל מיט די פורנ, אינדערפרי וועט אײַכ אָנגעוויזנ ווערנ איטלעכנ זײַנ אָרט.

אינ די זומערדיקע העמדלעכ, ווי זיי זײַנענ געווענ, האָבנ די באָכרים זיכ באלד געלאָזט שפאנענ נאָכנ פאָלק. טאטעס אונ מאמעס האָבנ זיי באגלייט א שטיק וועג, אָפט אונטערגעלאָפנ ניט אָפצושטיינ פונעם גיכנ גאנג. אינ אָפענעם פעלד האָט מענ זיכ געזעגנט. פאָרנט האָט זיכ געזענ די ווײַט־באלויכטענע באוועגונג אפנ שליאכ, וואָס האָט זיכ פאמעלעכ פארטיפט אינ דער אָפגערוקטער פינצטערניש ארײַנ. פונ הינטנ האָט מיט זײַנע אראָפגעזעצטע פײַערנ שטיל אונ רוינ דערברענט דאָס שטעטל. די יינגלעכ האָבנ ניט איינמאָל אינ דער נאכט זיכ אומגעקוקט אפ זייער פלאמענדיקער היים.

עליע יאָרש האָט עס אלצ געזענ אונ געהערט. אינ גערודער האָט ער ערגעצ פארלוירנ סעריאָזשענ, אונ זײַנ נאָענטקײַט האָט אים איצט געפעלט. ער איז שוינ געוווינט געווענ מיט דעם יינגל, געקענט פאר אים אמאָל אויסריידנ א וואָרט. „וועג וועט זיכ עס ענדיקנ?“—האָט ער אים געוואָלט פרעגנ, — „ווענ וועט שוינ נעמענ א סאָפ צו די אלע יעסורימ? עמעס טאקע—ווי דער יאם“... נאָר אינ די ווייענ פונ דער נאכט איז עליענ אפ עפעס אנ אויפנ געקומענ א געדאנק, וואָס ער האָט אים נאָכ קיינמאָל זיכ ניט פאָרגעשטעלט אזוי לעבעדיק, ווי איצט, א געדאנק, וואָס האָט אים אויסגעוויזנ נײַ אונ גרויס אונ איינצײַטיק ווונדערלעכ פראָסט, מאמעש פארשטענדלעכ פאר א קליינ קינד. א באגײַסטערטער פונ דעם געדאנק האָט ער געשפאנט א ווערסט נאָכ א ווערסט אונ מיטאמאָל דערזענ קרוטאָוונ גאָר נאָענט בא דער זײַט. א צײַט געגאנגענ מיט אים האנט בא האנט שווײַגנדיק. ווי שטענדיק, אז עליע האָט געדארפט זאָגנ עפעס וויכטיקס, האָט ער זיכ סיפ צעאָטעמט.

— ווי מיינסטו,—האָט ער סאָפּקאָלסאָפּ ארויסגערעדט,—ווענ אָלע אונדזערע פונ

דער גאנצער וועלט טוען זיך א נעם פאראמאָל, מיט גרויסע קויכעס, דעריקער פאראמאָל?..

— האָ! ס׳דאנ א קייווער פאר אלע אימפעריאַליסטנ.

— אינדערעמעסנ, מיר זייַנענ אסאך, אונ זיי—א הייַפעלע...

— קלאָר, דאָס איז דאָך אונדזער לאָזונג—פראָלעטאריער פונ אלע לענדער, פאַרייניקט זיך.

ערשט איצט האָט זיך עליע דערמאָנט, אז טאקע ער האָט עס דאָך געהערט אפ די פארזאמלונגענ. אונ פונדעסטוועגנ האָט אים ניט אָפגעלאָזט דער געפיל, אז עפעס איז אים אנטפלעקט געוואָרנ א גרויסע נייַס. ער קענ עס נאָר ניט ארויסגעבנ אקוראט.

ב. אָרשאַנסקי

# צום ערשטנ מאל זינט די וועלט שטייט

(פונ ציקל „קאלימער דערציילונגענ")

1

פארנ אופגעגאנגענעם טאָג איז א צעפלאסטעט־רויִקער געלעגנ דער הויקערדיקער יאבלאָנאָווער רוקנביינ.

היינט זײַנענ קיינ ווינטנ ניטאָ. ניטאָ אויכ הײַנט קיינ פורגא, אונ די גאנצע געגנט ארום איז אנטפלעקט אונ אנטבלויזט פארנ אויג.

באבצעוונ האָט א בלענד געטאָנ אינ די אויגנ די שנייִקע בלאנקײַט. ער איז געשטאנענ אפנ שפיצ פערעוואל, האָט געקוקט אפ דעם פרישנ אינדערפרי אונ האָט זיכ געוווּנדערט אפ דער בלישטשענדיקער שיינקײַט.

שוינ-זשע איז דאָ אלע מאָל געווענ אזוי שיינ?..

באבצעוונ איז די געגנט באקאנט. שוינ א יאָר פערציק, אז ער זעט זי. ער איז נאָכ געווענ גאָר א קליינ יאטל, א קורצינקס, מיט קרומע פיסלעכ מיט א פארברענט־טשוהונענעם פאָנעם ווענ ער איז צום ערשטנ מאָל געפאָרנ מיט זײַנ פאָטער אלס קאיור *) אפ א פאָטיאָג **) הינט. ער איז געווענ זייער צופרידנ, איז אומגעגאנגענ ארום יורטע שוינ אנ אָנגעטאָנענער אינ דער קוכליאנקע ***) מיטנ קאפּירשאָנ איבערנ קאָפּ, אינ די טיפע טארבאָזלעכ, אומגעגאנגענ, געוויכערט אונ געגרויסט זיכ דערמיט, וואָס ער פאָרט שוינ ארויס אינ די בערג.

אונ אז ער האָט זיכ געזעצט אפ דער נארטע ****) נאָכ דעם ערשטנ מאכ מיטנ פלאָקנ אינ דער לופטנ, ווענ די הינט האָבנ זיכ א ריס געטאָנ אונ אופגעהויבנ א פרייליכנ ליארעם, האָט ער מיט א קינדיש־דרייסטנ, א ביסל הייזעריקלעכנ קאָל ווי א גרויסער, געקאמאנדעוועט:

— טיאָב—טיאָב, טיאָב—טיאָב!

— טאכ—טאכ—טאכ. טאכ—טאכ—טאכ—טאכ!... *****)

*) א אָנטרײַבער אפ הירשנ אָדער הינט.

**) א שפאנ הינט

***) א פוטערנער בעגעד, וואָס טוט זיכ אָנ, ווי א העמד.

****) א שליטנ, אינ וועלכער מע שפאנט אײַנ הינט אָדער הירשנ.

*****) רעכטס, לינקס.

און פונ דאנ אָנ האָט ער געוואנדערט דאָ אינ די לאנגע פראָסטיקע און שנייִקע ווינטערנ, געוואנדערט אפ יאגד אונטער גליִענדיקע פרעסט. געוואנדערט אינ טײַגע מיט די פיל טויזנטיקע טשערעדעס הירשנ פונ זײַנע באלעבאטימ, געסמאַליעט זיכ און געברענט זיכ אפ דער שארפער און שטעכיקער זונ, געוואלגערט זיכ אינ וועג אינ די שטורעמדיקע פורגעס, געפירט פריצימ פונ איינ סטאנ אינעמ צווייטנ...

ער האָט געוווסט, אז סײַ די זונ און סײַ דער פראָסט ברענענ ביידע, אז עס איז אומעגלעכ פונ זיי פאָטער צו ווערנ און באהאלטנ זיכ; ער האָט גוט געקענט די ווינטנ, די בייזע און שארפע, וואָס האָבנ אימ ניט איינ מאָל דורכגענומענ אַז דורכ און דורכ. אימ איז געווענ באקאנט די נאסע פורגא, וואָס פארשיט די וועגנ און לאָזט ניט קומענ אהיימ.

ער קענ די סאָפקעס, ווי ער קענ זײַנע פילצאָליקע קינדער. ער ווייס די נעמענ פונ די ייִשוּוימ, ווי ער ווייס די נעמענ פונ זײַנע באלעבאטימ. ער ווייס וווּהינ עס פירנ די שמאָלע צעדרייטע וועגעלעכ, וואָס גארטלענ ארומ די קערפערס פונ די סאָפקעס, ער ווייס דאָ יעדעס בוימעלע, ווי ער ווייס יעדע יורטע פונ זײַנ עלנטנ, פארוואָגלטנ און אומגליקלעכנ פאָלק.

שוינ איבער פערציק יאָר, אז ער זעט דאָס אלצ, אָבער קיינמאָל האָבנ זיי זײַנע אויגנ ניט אָפגעשטעלט! צומ ערשטנ מאָל אינ זײַנ לעבנ האָט ער דערזענ דעמ פרייִלעכנ בריליאנטנ־שפיל, די זונ—א גוטע, א ווארעמע, וואָס ברענט ניט, וואָס לאשטשעט און ווארעמט... און די שנייענ, אפילע די שנייענ, וואָס שטענדיק סקריפענ זיי אזוי בייז און קאלט, אפילע די שנייענ זײַנענ הײַנט אזעלכע פרייִלעכע און ווארעמע.

באבצעוונ איז שוינ נאָענט צו פופציק. דאכט זיכ ניט גאָר אלט, אָבער ער האָט זיכ שוינ ניט איינמאָל געקליבנ שטארבנ. באזונדערס פלעגט ער וועלנ שטארבנ נאָכ דעמ, ווי ער פלעגט פירנ עפעס א רוסישנ פאָרעצ פונ איינ סטאנ אינ צווייטנ... אדהאיעמ, אז ער דערמאָנט זיכ סקריִענ בא אימ ניט ווילנדיק די ציינ...

פרעסט, וואָס גליווערנ די גלידער, א שארפער שנײַדנדיקער ווינט שטעכט בייז אָנ אופהער אינ פאָנעמ. ער לויפט נאָכ די הינט, כאָטש א ביסל צו דערווארעמענ זיכ, און די אויגנ קוקנ ארויס אפ א ווינטער־שטיבל... אָט, באלד־באלד, עס דערנעענטערט זיכ די ווארעמע מינוט... און עס צעגייט זיכ אזא ווייכע אָנגענעמקייט איבער די ביינער.

געקומענ.

די פריצימ אָנגעפעלצטע, שווערע און אָנגערוקטע סקריפענ ארײַנ אינ ווינטער־הײַזל. די הינט זײַנענ שוינ הינטערנ וואנט, באשיצט פונ ווינט.

— באבצעוו! הערט ער זײַנ נאָמענ צווישנ א שלאל בייזע זידל־ווערטער! טונגוס ברודיקער,—האָלצ!

און באבצעוו קויקלט זיכ, לויפט, אײַלט אינ דעמ דערבײַיִקנ וועלדל, קלײַבט צווײַגנ, ברעכט ביימער און שלעפט אינ ווינטער־שטיבל.

ער ווארפט די צווײַגנ אינ אויוועלע, עס הויבנ אָנ אָפגיינ די גלידער. עס שטייט א גרויסער טשײַניק און אָט־אָט הויבט זיכ אָנ בלעזלענ באמ דעקל, א

דאמפ גיט א׳שפאר אונ... טיי, הייסע פליסיקייַט וועט זיכ צעגיסנ איבער די גלידער, דערוואַרעמענ זיי אונ צענעמענ...

באבצעוו טוט א קוק זײַטיק, ווי ביגנײַווע אפ דער פאלאטיע. די פריצים האָבנ זיכ אויסגעטאָנ. האָבנ בריט צעלייגט זייערע פעק, ארויסגענומענ א זעקל מיט געפראָרענע קרעפּלעכ אונ געשטעלט קאָכנ... פלעשעלעכ שנאפס מיט רויטע צעטעלעכ...

— הייסע טיי מיט צוקער, קרעפּלעכ אונ... א „סאָסקע"... *)

אינ מויל ווערט קלעפּיק־סלינעוואטע, די פיס אונ הענט הויבנ אָנ ציטערנ... שטיקער כאזער פרעגלענ זיכ, שפריצנ, באָדנדיק זיכ אינ פעטס... גרויסע שטיקער אָפּגעטײַעט ברויט ליגנ אונווארטנ אפ דערוואַרעמטע הענט אונ ציטערנדיקע הונגעריקע מײַלער.

עכ, ווענ ער איז איינער אליינ אינ שטיבל...

נאָר ער שטייט אונ ווארפט צווײַגנ אינ אויוועלע, די פריצים זאָל זײַנ ווארעמ צו עסנ...

א קנאק פונ גלעזער אונ צוויי גרויסע אָפענע מײַלער—שלינגענ ארײַנ דעמ ברענענדיקנ ספירט, פונ וועלכנ עס ווערט אזוי ווארעמ אינ אלע גלידער.

באבצעוו טוט אזש א סמאָקע פונ פארגעניגנ אונ שלינגט ארא̇פּ ניכטערע שפײַעכצ... ער קוקט ניט מער אפ דער פאלאטיע, צו פיל רייצט זי אונ צו ווייטעקדיק איז קוקנ אהינצו. ער שפּארט איינ צווײַגל נאָכנ אנדערנ, קוקט אײַנגעשפּארט אפנ פײַער, פאריכט, קלוימערשט, וואָס אינ אויוועלע אונ ווארט, ווארט ביז מע וועט אימ רופנ עסנ.

אונ דאָרט אפ דער פאלאטיע לאכט מענ, מע איז פריילעכ, מע גרעבצעט שוינ אָפּ פונ איבערגעזעטיקטקייַט, מע קלײַבט זיכ שלאָפנ.

— קענסט שוינ גיינ שלאָפנ, מער דארפ מענ דיכ דאָ ניט.

דעמ ערשטנ מאָל האָט ער גאָר ניט פארשטאנענ, וואָס מע מיינט דאָס? וווהינ זאָל ער גיינ שלאָפנ, אפנ גאס?.. אונ עסנ? ווו זאָל ער עסנ, אינ קוקול? אונ וואָס? שפּעטער האָט ער זיכ דערצו צוגעוווינט, ער האָט געוווּסט,—פּאָרט מענ מיט די רוסישע פריצים, דערהויפּט מיט א רוסישנ גאלעכ, בלײַבט מענ שוינ אפ א נאכט נעכטיקנ אפ דער גאס...

זיי שלאָפנ אינ דער ווארעמ אינ ווינטער־הײַזל, אונ ער, ווי די הינט,—אפ דער גאס, אײַנגעקאָרטשעט אינ קוקול, א בייזער אונ א הונגעריקער.

נאָכ אזא יאזדע פלעגט ער ליגנ אינ דער פינצטערער פארויכערטקייַט פונ יורטע א צונויפגעדרייטער אינ דרײַענ, א בייזער, א צערייצטער, פלעגט פונ דער זײַט קוקנ אפ דעמ ארײַנגאנג אונ אקשאָנעסדיק ווארטנ אפנ טויט. אָט וועט ער ארײַנגיינ א הויכער אונ א דארער, א כמורנער אונ א שווײַגער, וועט אימ ארומנעמענ, עס וועלנ א כרושטש טאָנ די ביינער, אונ ער וועט זיכ מיט פארגעניגנ איבערגעבנ אינ די טרוקענע ביינערנע הענט פונעמ טויט.

מער לעבנ וויל ער ניט. ער וויל ניט. ער דארפ שטארבנ.

*) א סאָסקע—בראנפנ, ספירט.

אָט דאָ איצט, שטייענדיק אפנ אויסגעבויגענעם רוקנ אינ פּערעוואַל אינ זײַנ יאָנטעוודיקער קוכליאַנקע, אונטער דער וואַרעמקײַט פונ דער זונ אונ לײַכטנ ווינטל דערמאָנט ער זיכ אפ א טאָג, אפ א פינצטערנ אונ בלוטיקנ טאָג אינ זײַנ לעבנ.

ער איז יונג געווענ אונ נאָר-וואָס כאַסענע געהאַט.

א רײַזע, א געוויינלעכע רײַזע מיט פּריצים. ער האָט געאײַלט אַהיים. די באַלײדיקונג פונ ארויסבעוואָרפנ ווערנ אפ דער גאַס האָט ער דאָס מאָל ווייניקער געפילט צי דערפאַר, ווײַל עס איז שוינ טעמפּ געוואָרנ זײַנ האַרצ, צי ווײַל ער פאָרט שוינ אַהיים, צו זײַנ יונג ווײַבל. די הינט זײַנענ אפ לײדיקנ געפלויגנ, ווי א וויכער, אונ ער האָט שוינ געפילט דעמ פאַרגעניגנ פונ א יונג פרויענ-לײַב. דערנעענטערנדיק זיכ צו דעמ יִשעוו, האָבנ די הינט זיכ רושנדיק צעבילט אונ, ווי א סטײַע פויגלעכ, זײַנענ זיי אָנגעלאָפנ אפ דער יורטע.

די פרוי זײַנע איז אימ ניט ארויסגעגאַנגענ אַנטקעגנ.

ער איז א ווײַלע אומרויִק געוואָרנ אונ א שטילע בייזקײַט האָט אימ גענומענ באַהערשנ.

ער איז ארײַנ אינ יורטע.

אינ א ווינקל, אפ צעשפּרייטע הירשנ-פעל איז געלעגנ זײַנ פרוי. א צעראַצטער פּאָנעמ, צעבלוטיקטע הענט אונ א צעריסנ קליידל...

א ווײַלע איז ער געשטאַנענ אזוי, האָט געקוקט אונ גאָרנישט געזעענ, אויסער זײַנ צעבלוטיקטער אונ באַשפּיגענער פרוי.

ער האָט א שטשירע געטאָנ מיט די ציינ פונ זודיקנ ווייטעק, נאָר ער האָט באַלד דערפילט זײַנ אומבאַהאָלפנקײַט: אפ וועמענ זאָל ער זיכ קלאָגנ אונ פאַר וועמענ?...

נאָכדעמ איז ער א צײַט לאַנג געלעגנ אינ קוקול, אונ אינ דער ענגער פינצטערניש האָט ער געוואָלט כאָטש פאַרנ טויט באַהאַלטנ זיכ פונ לעבנ...

אונ איצט שטייט ער א לעבעדיקער אפנ סאַמע שפּיצ הייקער פונ יאַבלאָנאָווער רוקנ-ביינ, פילט צומ ערשטנ מאָל, ווי גוט עס איז צו לעבנ.

הײַנט איז ער אָנגעטאָנ יאָנטעוודיק. די פוכליאַנקע, וואָס הענגט אפ אימ, ווי אַביסל א צעקנייטשטע קרינאָלינע, איז אפנ סאַמע ברוסטקאַסטנ אויסגענייט מיט קליינינקע, בלישטשענדיקע פילפאַרביקע ביסערלעכ. איבערנ האַלדז פונ קאַפּיושאָנ לישטשעט אפ דער זונ א בונטער רויטער שלייפ. דער קאַפּיושאָנ איז אַראָפּגעוואָרפנ—אימ איז הײַנט צומ ערשטנ מאָל אפ זײַנ לעבנ וואַרעמ, וואַרעמ אזוי, אז ער פילט ניט די צעבראָכנקײַט פונ זײַנע ביינער, אז ער פילט ניט דעמ היפּשנ פעקל יאָרנ.

ווײַט, זייער ווײַט איז פונ אימ איצט דער געדאַנק וועגנ טויט.

2

יאַקאָוו סאָלאָמאָנאָוויטש, אָדער, ווי באַבצעוו פלעגט אימ רופנ, יאַקיוו סאַלאַנאָוויטש, איז נאָרוואָס ארויס פונ דיספּעטשערסקע אפ 137-טנ קילאָמעטער. ער איז געווענ זייער מיד. שוינ די ווירפלטע נאַכט, די ווירפלטע וואָכ, אז ער ווייס ניט פונ

קיין שלאָף—א הויכער א דארער, מיט אויסגעסטארטשעטע באקנ־ביינער, מיט א צעשויבערטן קאָפּ געגרויזטע שווארצ־גרויע האָר, פלעגט ער די נעכט אָפּזיצן אינ דיספּעטשערסקע אונ ניט לאָזנ שלאָפנ די טראסע.

— דעמ טראנספּאָרט מיט טאביק לאָזט דורכ פריִער: מענטשנ קענענ אָנ טאביק אינ טײַגע ניט זײַנ.

— ווּ געפינט זיכ דער טראנספּאָרט־בענזינ? צי וועט מענ אים קענענ אריבערוואַרפנ אפנ ספּלאוו ביזנ 3־טנ מײַ?

— ווּ זײַנענ כאבאראָווס הירשנ? זיי האָבנ נאָכ נעכטנ געדארפט קומענ—דער פערעוואָל איז פארוואָרפנ מיט סכוירעס אונ כאבאראָוו פירט דאָרט זײַנ קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע ארבעט. גיט דעמ הונדערט צוויי אונ פופציקסטנ קילאָמעטער...

— גיט דעמ נײַנציקסטנ קילאָמעטער. ליובימאָוו? ווּ זײַנענ די אמושקעס אונ די קאטיושעס ווּ זײַנענ*) דער וויפלטער טראנספּאָרט? ווער רעדט דאָרט? ווער הענגט דאָרט אפנ סעלעפאָנ? לאָזט ריידנ! ליובימאָוו? גיב מיר דעמ דיספּעטשער. ער שלאָפט? וואָס איז פארא שלאָפנ איצט? ער וועט זיכ אויסשלאָפנ אינ א וואָכ ארומ, אז דער שניי וועט אראָפּ.

אָט אזוי פלעגט יאקאָוו הענגענ אפנ טעלעפאָנ אונ שטופּנ דעמ טראנספּאָרט אינ דער טיפ פונ דער טײַגע.

די לעצטע טעג האָט ער זיכ שוינ קוימ געהאלטנ אפ די פיס. ער איז אומגעגאנגענ, ווי א שאָטנ אונ האָט אלצ געקוקט אפ דער בלאנקענדיקער הייסער זונ.

— א פרילינג... גאָר, ווי אינ סאמע מאָסקווע, האָב אימ א שווארצ יאָר. סט'וועט געזענ—א זונ טמאליעט, ווי אינ מיטנ טאמעז... ווער ווייס, וויפל וועט נאָכ האלטנ דער שניי... טויזנט טאָנ... טויזנט טאָנ אריבערוואַרפנ...

טאָג־אונ־נאכט איז ער ארומגעגאנגענ מיט דעמ געדאנק—טויזנט טאָנ אריבערוואַרפנ צומ ספּלאוו. אינ צענ־צוועלפ טעג ארומ עפענענ זיכ די טײַכנ. צוויי־דרײַ טעג זײַנענ זיי שוימ־פייִק, אונ נאָכדעמ—אויס, הינער וואָלטנ דאָרט באָרוועס אומגעגאנגענ ווענ זיי וואָלטנ דאָרט ביכלאל געווענ אונ די טײַגע וועט בלײַבנ אָנ עסנ. ערעוו ערשטנ מײַ, אפ דער פארזאמלונג אפ דעמ צוויי אונ נײַנציקסטנ האָבנ די שאָפערס ארויסגערוקט די פראגע וועגנ ארבעטנ אלע דרײַ יאָנטעוו־טעג. אײַנשטימיק איז דער דאָזיקער פאָרשלאג אָנגענומענ געוואָרנ אונ אינ א שאָ ארומ איז געהאנגענ א וואנט־צײַטונג מיט א גרויסנ לאָזונג: מיר יאָנטעווונ אפ די אמושקעס אונ קאטיושעס!".

די דרײַ טעג דארפנ באשטימענ דעמ גורל פונ דעמ טראנספּאָרט־קאמפּאניע.

דער וועג, וואָס האָט קיינמאָל קיינ מענטשישע פוס־טריט ניט געפילט אפ זיכ, דער וועג, ווּ עס פלעגנ בלויז יועלפ סקאליענ מיט די ציינ אונ בערנ פלעגנ מעישעוודיק טרעטנ דעמ שניי—דער וועג איז איצט פארהילכט געוואָרנ פונ די כריפּעדיקע סירענעס פונ די „אמושקעס", פונ דער טראסקערײַ פונ די „קאטיושעס". אפילע די „קאָמונארנ", וואָס זײַנענ א גאנצנ ווינטער געשלאָפנ אפנ פראָסט אינ

*) אמושקעס פראכט־אויטאָמאָבילנ פונעמ געוועזענעמ זאוואָד „אמאָ". קאטיושעס—טראקטאָרנ פונ דער פירמע „קאטערפילער".

מאגאדאן, האָבן זיך אויך ניט ווילנדיק אײַנגעשפּאַנט און זײַנען אוועק אין טראַנס־פּאָרט.

אין דער לעצטער און אנטשיידנער קאמפּאַניע האָט זיך אויך אײַנגעשלאָסן דער ראַיאָנער ראַט.

באַבצעוו האָט ניט געדרוס. אַלס פּאַרזיצער פון ראַט, האָט ער מאָביליזירט אַלע־מען, ווער עס קען נאָר קאמאַנדעווען מיט די הירשן און אָפּגעשיקט זיי אַף דער טראַסע, און ער אַליין איז אַרויסגעפּאָרן אַפן פּערעוואַל, אָנפירן מיטן הירשן־טראַנ־ספּאָרט.

יאַקאָוו איז צוגעגאַנגען צו באַבצעוון און מיט אַ מידער שטימע אַ פרעג גע־טאָן באַבצעוון:

— ווי רעכנסטו, ס'וועט נאָך האַלטן,—דו ביסט דאָך עפּעס אַ היגער?

— די זון איז אַביסל צו שטאַרק, אָבער אַ פינף טעג וועט נאָך גוט האַלטן, און ווײַטער—ווער ווייס. אַז זינט די באָלשעוויקעס זײַנען געקומען, האָט זיך דאָ אַלץ געענדערט. אפילע דער וועטער.

— אויב פינף טעג—איז גוט, וועלן מיר אַרויסקריכן. דו האַלט נאָר אין די־הענט דײַן כאַבאַראָוון, ער איז אַ כיטרע בעסטיע...

— איך האָב אים לענגער דערמאָנט די יאָרן, ווען איך האָב באַ אים געבאַ־טראַקעוועט. איך האָב אים געזאָגט: הער, ברודערקע, אַז איך בין באַ דיר געווען אַ באַטראַק, האָב איך דײַנע הירשן געהיט, ווי זיי וואָלטן געווען אייגענע, און דו באַ אונדז האָסטו נאָך קיין איין ערלעכן טאָג ניט איבערגעלעבט. געדענק, דאָס האַרץ וועט ניט אויסהאַלטן. איצט האָסטו געקראָגן אַ יאָר צוואַנגס־אַרבעט. אויב דו וועסט ווײַטער אַרבעטן אַזוי ווי ביז איצט, וועסטו קריגן עפּעס מער... געדענק.

יאַקאָוו האָט אַ שמייכל געטאָן.

— נו, איז וואָס האָט ער געזאָגט?

— וואָס האָט ער געזאָגט? ער זאָגט דען, וואָס? ער שטייט אַזוי האַכנאָעדיק לעבן טיר, פינטלט מיט זײַנע זשוליקעוואַטע אייגעלעך און ברומט אַרויס: המ־המ... אוהו, אוהו—און גיי ווייס, וואָס ער מיינט...

פון דיספּעטשערסקע האָט מען אַ געשריי געטאָן: יאַקאָוו סאָלאָמאָנאָוויטש—צום טעלעפאָן!

יאַקאָוו האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט:

— באַבצעוו—צו צוועלף אַזייגער דאַרף מען גרייטן אַ גוטן מיטיק—עס קומען אַסאַך „געסט". באַלד וועלן אָנפּאָרן דײַנע קאַיורן—גיב זיי צו גלעזלעך ווײַן, זיי זײַנען גוט אָנגעמאַטערט, איך וועל הייסן אויסהייצן דאָס ווינטער־הײַזל—זאָלן זיי אָפּרוען. מיר וועלן דאָ האַנט מאַכן כאָטש אַף אַ שאָ צײַט אַ מיטינג. גרייט אַ גוטע רעדע.

און איז ניט געוואָרן.

באַבצעוון איז אַזש קאַלט געוואָרן. געסט? עפּשער פּאָרן די נאַטשאַלניקעס, די אינזשענערן? וואָס פאַר אַ רעדע קען ער פאַר זיי האַלטן?... מיט זײַנע קאַיורן

שמועסט ער זיך דורך—פאַר זיי קען ער אפילע א רעדע אויך האַלטן, אָבער פאַר די נאטשאַלניקעס?... און עפשער וועט נאָך דער דירעקטער אַליין קומען?...

פון דעם איין געדאַנק האָט אים גענומען שווינדלען: איין קלייניקייט—א רעדע... און נאָך פאַרן דירעקטער...

אַז אומרויִקער האָט ער גענומען ארומלויפן און צוגרייטן אַלץ, וואָס מע דאַרף, פאַר די קאיורן. אין „קיך"—א ציצענע פאַלאטקע מיט אָן א שיר לעכער—האָבן געקנאַקט די פושקעס קאָנסערוון, עס האָט געזאָדן דער קעסל, מענטשן זיינען ארומגעלאָפן, געשמייעט, און באַבצעוו האָט זיך דאָ אויך געטומלט און האָט אַלץ געטראַכט וועגן דער רעדע.

אַז די קאיורן זיינען געקומען, האָט ער זיי אַריינגעפירט אין ווינטער-הייזל און אַז זיי האָבן בעשמאַק געטרונקען טיי נאָך דעם גלעזל ווייַן, האָט ער געפּרוּווט פאַר זיי האַלטן א רעדע, עפשער וועט ער עפעס קאָנען זאָגן אויך דאָרט, אַף דער טריבונע, פאַר די געסט.

„...איז אָט, כאַווירים,—האָט ער זיך געפּרוּווט אויסגלייכן,—די לעצטע טעג, וואָס מיר אַרבעטן דאָ. די לעצטע טעג... באַלד גייט אַראָפּ דער שניי און מיר וועלן זיך אומקערן אין אונדזערע יישווים... מירן זיך אומקערן... יאָ... און מיר וועלן זיך נעמען פאַרן פישפאַנג... און מירן זיך נעמען, יאָ...

— און וואָס־זשע זאָגט מען ווייטער?.. האָט ער אָנגעשטרענגט געטראַכט, פאַרריכטנדיק דעם שלייף ארום קאַפּיושאָן.

— מיר האָבן גוט געאַרבעט, האָט געזאָגט איינער א קאיור...

באַבצעוו האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַר די ווערטער...

— אוודע גוט... האָט באַבצעוו געזאָגט. מיר דאַרפן אַרבעטן גוט, אסאַך בעסער, ווי מיר האָבן געאַרבעט בא כאַבאַראָוון. דאָס איז אונדזערע...

ער האָט נאָך עפעס גערעדט וועגן כאַבאַראָוון, וועגן זייער אַמאָליקן לעבן בא די כאַבאַראָווס... און האָט פאַרענדיקט. ער איז אַרויסגעגאַנגען פון ווינטער־הייזל, ער איז געווען מיט זיין רעדע זייער ניט צופרידן און אים האָט אַלץ געמאַטערט דער געדאַנק, וואָס זאָל ער ריידן פאַר די געסט?.. ער וועט דורכפאַלן, ער וועט געוויס דורכפאַלן...

פון ביידע זייטן פערעוואָל האָבן זיך אַפּגן האָריזאָנט באַוויזן: די „אַמושקעס" און די „קאַטיושעס".

שווער עטעמענדיק האָבן זיך געהויבן פון ביידע זייטן די שטאָלענע פערד, געהויבן זיך און אופגעהויבן זיך ביז דעם ברייטן, אין שניי אויסגעטראָטענעם פּלאַץ. אין צוויי רייען, איינע אַנטקעגן די אַנדערע האָבן זיך אויסגעשטעלט די „אַמושקעס" און די „קאַטיושעס". די שאָפערן, אין לאַנגע און ברייטע טולופן, אין הויכע וואָליקעס האָבן געשפּאַנט איבערן פּלאַץ, האָבן זיך באַגריסט, האָבן געוואָרפן מיט די הענט אַף דערוואַרעמען זיך, האָבן פריילעך געשפּרונגען.

די קאיורן, געפּעלצטע, ווי בערן, זיינען געשטאַנען פון דערווייטן אין א קופּקעלע און האָבן זיך געשעמט אייַנצושליסן זיך אין דעם פריילעכן אוילעם. באַבצעוו איז צוגעלאָפן און האָט זיי א שטופּ געטאָן. שמעוודיק־שמייכלענדיק האָבן זיי גענומען דערנעענטערן זיך צו דער פריילעכער כעוורע. פון ערגעץ האָט מען געבראַכט

א האַרמאָניק, איינער פונ די שאָפערנ האָט אַראָפּגעוואָרפנ דעמ טולופּ אונ די האַרמאָניק האָט א לעב געטאָנ.

— אפנ מיטינג! האָט יאַקאָוו א זאָג געטאָנ, אָנטאָנ די פּעלצנ אונ די היטלענ!

ארומ א פּראַכט־אווטאָמאָביל האָבנ זיכ אַלע פאַרזאַמלט. די קאַיורנ האָט מענ אויסגעשטעלט ארומ דער מאַשינ, הינטער זיי זייַנענ געשטאַנענ די הויכע, פּעסט־געבויטע שאָפערנ.

יאַקאָוו איז געשטאַנענ אפ דעמ געפּאַקטנ אווטאָמאָביל.

א הויכער, אַנ אויסגעגלייַכטער איז ער געשטאַנענ, ווי א דענקמאָל, איבער דעמ פאַרזאַמלטנ עולמ. אפנ האַרצנ איז אימ געווענ גוט.

עס האָט א שטורעמ געטאָנ דער אינטערנאַציאָנאַל.

אפ דער טריבונע איז געשטאַנענ באַבצעוו.

ער האָט נאָכאַמאָל א קוק געטאָנ אפנ בלאַנקנ ארומ. אינ איינ מינוט פונ ארומיקנ שווייַגנ האָט ער נאָכאַמאָל איבערגעלעבט זייַנ סקריפּענדיקע יוגנט.

„... יאָ, דעמ ערשטנ מאָל זינט די וועלט שטייט, פרייט זיכ אונדזער פאָלק... ניט אַלע פרייענ זיכ... אָנ, איר זעט, אָנ דאָרט הינטער דעמ בייַדל האָט זיכ פאַרשטעקט כאַבאַראָוו... ער שטייט אונ ציטערט, ווי א הינטל... קומ ארויס אַהער, כאַבאַראָוו, טו א קוק, אָט שטייענ אונדזערע „רוסנ“, דייַנע פאַרביסנסטע סאָנימ. דייַנע רוסנ האָבנ דעמ זעלבנ גורל, ווי דו אַליינ. זיי שטייענ אויכ אַזוי הינטער די בייַדעכ, ווי דו, אונ קוקנ מיט זייערע בייזע, גיפטיקע בליקנ, אפ אונדזער פרייד, אפ אונדזער לעבנ. אינ הייַנטיקנ טאָג דערמאָנענ מיר זיכ ביידע אָנ אונדזער פאַרגאַנגענהייַט: דו דערמאָנסט זיכ, ווי פריידיק עס האָבנ זיכ געגאָסנ די ווייַנענ, וואָס די רוסישע סאָכרימ מיט די רוסישע זשאַנדאַרנ האָבנ געטרונקענ צוזאַמענ מיט דיר נאָכ די יאַרידנ. דו דערמאָנסט זיכ, ווי גוט דיר איז געווענ, ווי זיכער דו האָסט געלעבט, אַז דער באַטראַק דייַנער איז געווענ באַבצעוו. טויזנטער הירשנ האָבנ זיכ געפּאַשעט אינ דער טייַגע, הונדערטער באַבצעווס האָבנ אָנגעפּילט דייַנע שפּייַכלערס מיט די בעסטע רויכוואַרג. דו ביסט געווענ זאַט אונ רייַכ.

איכ דערמאָנ זיכ, ווי אפ אייַערע סימכעס זייַנענ בא אונדז אפ די צעבערענטע באַקנ פאַרפראָרענע געהאַנגענ די טרערנ... איכ דערמאָנ זיכ די לאַנגע ווינטערנ, איכ דערמאָנ זיכ, ווי אייַנגעבויגנ עס איז געווענ מייַנ רוקנ, ווי צו דר׳ערד עס האָט געצויגנ מייַנ קאָפּ, ווענ איכ פלעג שטיינ פאַר דיר אונ פלעג דאַרפנ באַקומענ מייַנ פאַרדינטע ביסל מעל, מייַנ פאַרדינטנ ציגל טיי, מייַנ שטיקל פונ וועלפּ פאַרצוקטנ הירשנ־פלייש.

נאָר ווער האָט פאַר דיר איצט מוירע, אַז מיר זייַנענ אַזא גרויסע מישפּאָכע אונ אונדזער טאַטע איז סטאַלינ! סטאַלינ איז אונדזער טאַטע, דו הערסט כאַבאַראָוו? אונ מיט סטאַלינענ האָבנ מיר ערגעץ קיינ מוירע ניט, אפילע, ווענ דו שטייסט הינטערנ בייַדל אונ לויערסט אפ אונדז. איכ בינ דייַנ קנעכט געווענ, כאַבאַראָוו, דייַנ קנעכט, אונ איצט... פונ דעמ העכסטנ שפּיצ באַרג זאָג איכ אָנ דער גאַנצער וועלט — איכ בינ דער פאָרזיצער פונ רייַסאָוועט! אונ כאַבאַראָוו... כאַבאַראָוו באַהאַלט זיכ הינטער בייַדעלע...

א שאָפער, דער העכסטער פונ אלע שאָפערנ, האָט מיט אמאָל א שפרונג געטאָנ
אונ ארופגעדראפעט זיכ אפ דער מאשינ. ער האָט א כאפ געטאָנ באבצעוונ, א הויב
געטאָנ אימ אינ דער הויכ, פעסט אימ צוגעדריקט צו זיכ אונ האָט אימ א לאנגנ,
הארציקנ קוש געטאָנ.

דער אוילעמ האָט א שטורעמ געטאָנ.

— יאקיוו סאָלאָנאָוויטש—זע, דעמ ערשטנ מאָל זינט די וועלט שטייט, קושנ
זיכ די „פארפלוכטע" טונגוסנ מיט די „פרעמדע" רוסנ. יאקיוו סאָלאָנאָוויטש, זע
סארא פרייד, זע.

---

מ. מיטין

# א געניאַל ווערק

דאָס בוך „מעלוכע און רעוואָליוציע“ איז א פראָגראם־דאָקומענט פון לעניניזם, א דאָקומענט, וואָס האָט א וועלט־היסטאָרישע באדײַטונג. יעדער געדאנק און וואָרט פון דער דאָזיקער ארבעט זײַנען אָנגעזעטיקט מיט א קאָלאָסאלן אינהאלט, זײַנען א פאראלגעמיינערונג פון דער רעוואָליוציאָנערער דערפארונג פון ארבעטער־קלאס אין דער גאנצער וועלט. דאָס איז איינע פון יענע ארבעטן, ווו ס'איז פאר די ווערטער ענג און פאר די געדאנקען פרײַ. איר אינהאלט צייכנט זיך אויס מיט א גאָר אויסשליסלעכער רײַכקײַט.

לענין ניט נאָר ער שטעלט אויף די אָנשוווּנגען פון מארקסן און ענגעלסן איבער דער פראגע וועגן מעלוכע, ער זעצט פאָר און אנטוויקלט די לערע פון מארקסיזם אינגאנצן גענומען און די הויפט־זאך פון אים איז די לערע וועגן דער דיקטאטור פון פראָלעטאריאט.

„.“

אין זײַן בוך „מעלוכע און רעוואָליוציע“ באווײַזט לענין פריִער פון אלץ, אין וואָס עס באשטייט דער טאָך פון דער מארקסיסטישער לערע וועגן מעלוכע. דאָס איז געווען העכסט־וויכטיק צו טאָן, ווײַל גראָד די סאמע גרונטלעכע פונקטן פון דער דאָזיקער לערע זײַנען פארבאנאליזירט און פארומרייניקט געוואָרן דורך די אָפאָרטוניסטן.

דער מארקסיזם האָט אויפגעוויזן, אז די מעלוכע איז א פראָדוקט און אן אנטפלעקונג פון דער אומקאָמפראָמיסלעכקײַט פון די קלאסן־ווידערשפרוכן, אן אָרגאן פון קלאסן־הערשאפט, פון דער אונטערדריקונג פון איין קלאס דורך א צווייטן. נידערטרעכטיק פארקריפלענדיק מארקסן, האָבן די אָפאָרטוניסטן געפריידיקט, אז די מעלוכע איז אן אָרגאן פון שאָלעם־מאכן צווישן די קלאסן. דער מארקסיזם האָט געלערנט, אז דאָס שטענדיקע מיליטער און פאָליציי זײַנען דאָס הויפט־וועַרקצײַג פון די קויכעס פון דער מעלוכע, וועַרקצײַג פון גוואלדטאט אין אן עקספלואטאטאָרישער מעלוכע איבער די עקספלואטירטע. די אָפאָרטוניסטן אָבער האָבן אונטערגעהאלטן די ארמיי, פארדעקנדיק אין 1914־1917 י.י. „...דאָס פארטײַדיקן די רויבערישע אינטערעסן פון דער „אייגענער“ בורזשואזיע מיט פראזן וועגן „פארטײַדיקן דאָס פאָטערלאנד“, וועגן „באשיצן די רעפובליק און די רעוואָליוציע א. ד. גל.!“[1].

---

[1] וו. אי. לענין. ווערק. ב. XXI, ז. 376.

דער מארקסיזם האָט אופגעוויזנ, אז די בורזשואזע מעלוכע, אינ וואָס פארא פאָרם זי זאָל ניט ארויסטרעטנ, זאָל עס זײַנ א מאָנארכיע אָדער א רעפובליק, שטעלט מיט זיכ פאָר א געווער פונ גוואלדטאט פונ די קאפּיטאליסטנ איבער די ארבעטנדיקע, פונ דער אומבאדײַטנדיקער מינדערהײַט איבער דער עקספּלואטירטער מערהײַט. אָפּטעמפּנדיק די רעוואָליוציאָנערע שארפקײַט פונ דער מארקסיסטישער לערע, האָבנ די רעפאָרמיסטנ אונ אָפּאָרטוניסטנ געטײַנעט אפ אלע קרייצ־וועגנ, אז אינ א בורזשואזער מעלוכע קענ דאָס אלגעמיינע וואל־רעכט געבנ אונ גיט א ווירק־לעכע מעגלעכקײַט ארויסצוווײַזנ דעם ווילנ פונ דער גאנצער באפעלקערונג, אז ניט צעשטערנדיק די מעלוכע־מאשינ פונ דער בורזשואזיע, אפנ גרונט פונ א פּאָשעטער קוואנטיטאטיווער אָנזאמלונג פונ רעפאָרמעס וועט מענ קענענ קומענ צום סאָציאַ־ליזם, אז ארויפוארפנ די בורזשואזיע אפ א רעוואָליוציאָנערנ אויפנ, מיט גוואלד פאָדערט זיכ ניט.

מארקס אונ ענגעלס האָבנ אָפּגעשלײַפט זייער רעוואָליוציאָנער־אידייִש געווער אינ דער פראגע וועגנ מעלוכע אינ קאמפ אפ צוויי פראָנטנ—קעגנ די אנארכיסטנ אונ קעגנ אלערליי אָפּאָרטוניסטישע פארקריפלונגענ. אינ קאמפ קעגנ די אנארכיסטנ האָבנ מארקס אונ ענגעלס אונטערגעשטראָכנ, אז דעם פּראָלעטאריאט איז נייטיק א מעלוכע אונ אז די דאָזיקע מעלוכע דארפ זײַנ זײַנ דיקטאטור, אז אָנ אונ אויסער דער דיקטאטור פונ פּראָלעטאריאט וועט דער ארבעטער־קלאס ניט קאָנענ אויס־פילנ זײַנ היסטאָרישע מיסיע. אינ קאמפ קעגנ די אָפּאָרטוניסטנ האָבנ מארקס אונ ענגעלס אונטערגעשטראָכנ, אז די פּראָלעטארישע מעלוכע, די דיקטאטור פונ פּראָלע־טאריאט שאפט אלע פאָרבאדינגנ אונ באדינגונגענ פאר דער אָפּשטארבונג פונ דער מעלוכע ערשט נאָכ דער אויסבויונג פונ קאָמוניזם.

די דאָזיקע קלאָרע געדאנקענ פונ מארקסנ אונ ענגעלסנ פלעגנ באזונדערס פארקריפלט ווערנ דורכ די אָפּאָרטוניסטנ. זיי האָבנ געוואָלט אופווײַזנ, אז פרידלעכ אונ רויִק וועט אָפּשטארבנ די עקזיסטירנדיקע בורזשואזע מעלוכע.

מיט דער גרעסטער קראפט האָט לענינ אופגעדעקט די דאָזיקע אלע מאכינאציעס אונ שפּיצלעכ פונ די אָפענע אונ באהאלטענע סאָנים פונ מארקסיזם. ער האָט באַ־וויזנ אלע פעלשונגענ אונ פארקריפלונגענ, מיט וועלכע די רעפאָרמיסטנ אונ אָפּאָר־טוניסטנ האָבנ זיכ באנוצט אפ צו פארטושירנ די רעוואָליוציאָנערע אָנשויונגענ פונ מארקסיזם איבער דער פראגע וועגנ מעלוכע.

מיט א קלאסישער קלאָרקײַט פאָרמולירט לענינ דעם טאָכ פונ מארקסיזם: „די הויפּט־זאכ אינ מארקס לערע איז קלאסנ־קאמפ. אזוי רעדט מענ אונ מע שרײַבט זייער אָפט, אָבער דאָס איז ניט ריכטיק. אונ פונ דער דאָזיקער ניט ריכטיקײַט באַ־קומט זיכ אפ יעדנ שריט אונ טריט אנ אָפּאָרטוניסטישע פארקריפלונג פונ מארק־סיזם, א פעלשונג אינ גײַסט פונ אָנעמבארקײַט פאר דער בורזשואזיע. ווײַל די לערע וועגנ קלאסנ־קאמפ איז ניט דורכ מארקסנ, נאָר דורכ דער בורזשואזיע ביז מארקסנ געשאפנ געוואָרנ אונ איז פאר דער בורזשואזיע, ביכלאל גערעדט, אָנעמ־באר... באגרענעצנ דעם מארקסיזם מיט דער לערע וועגנ קלאסנ־קאמפ, הייסט איינ־שנײַדנ דעם מארקסיזם, פארקריפלענ אים, דערפירנ אים צו דעם, וואָס עס איז אָנעמבאר פאר דער בורזשואזיע. א מארקסיסט איז בלויז יענער, וואָס פארשפּרייט

די אָנערקענונג פונעם קלאסנ־קאמפ ביז דער אָנערקענונג פונ דער דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט. אינ דעמ איז דער סאמע טיפער אונטערשייד צווישנ א מארקסיסט אונ א דורכשניטלעכנ קליינעמ (אונ אויכ גרויסנ) בורזשוא. אפ דעמ שלייפ־שטיינ דארפ מענ אויספרווונ דאָס ווירקלעכ פארשטיינ אונ אנערקענענ דעמ מארקסיזמ...[1]

דאָס בוכ „מעלוכע אונ רעוואָליוציע" האָט דערלאנגט אנ אנטשיידנדיקנ קלאפ איבער דער אָפּאָרטוניסטישער פארקריפלונג פונ מארקסיזמ, עס האָט פולשטענדיק צעגראָמירט אידייִש דעמ אָפּאָרטוניזמ אונ דעמ אנארכיזמ. שוינ דאָס אליינ שטעלט מיט זיכ פאָר א זאכ, וואָס האָט א וועלט־היסטאָרישע באדייטונג, אָבער די ראָליע אונ די באדייטונג פונ לענינס ארבעט „מעלוכע אונ רעוואָליוציע" ווערנ מיט דעמ ווייט ניט אויסגעשעפט.

„„

לענינ גיט אנ אויסשליסלעכנ לויט זיינ טיפקייט אנאליז פונ דער אנטוויקלונג פונ די אָנשויונגענ פונ מארקסיזמ איבער דער פראגע וועגנ מעלוכע. מיטנ גרעסטנ היסטאָריזמ איז דורכגעדרונגענ זיינ גאנצע ארבעט. לענינ באווייזט, ווי אזוי מארקס אונ ענגעלס, די עמעסע גרויסע רעוואָליוציאָנערנ אונ פירער פונ פראָלעטאריאט, האָבנ, נאָכפאָלגנדיק דעמ מעטאָד פונ דער מאטעריאליסטישער דיאלעקטיק זאָרגזאמ דערלערנט די דערפארונג פונ דער מאסנ־באוועגונג אונ פונ די רעוואָליוציעס. זיי האָבנ גאָרנישט געבויט בלויז אפנ גרונט פונ לאָגישע טראכטונגענ, נאָר האָבנ זיכ געלערנט בא דער מאסנ־באוועגונג, אפ דער דערפארונג פונ די מאסנ. דאָס באלויכטנ די ווירקלעכע היסטאָרישע אנטוויקלונג פונ די געשעענישנ אונ די לעבעדיקע דערפארונג פונ דער געשיכטע פונעמ שטאנדפונקט פונ א טיפער פילאָסאָפישער וועלט־אָנשויונג האָט געבראכט מארקסנ אונ ענגעלסנ יעדנ מאָל צו נייע, גרויסע אנטדעקונגענ. לענינ האָט אסאכ מאָל אנטקעגנגעשטעלט דעמ צוגאנג פונ מארקסנ אונ ענגעלסנ, וועלכע האָבנ זיכ געקענט לערנענ אונ האָבנ זיכ געלערנט בא דער מאסנ־באוועגונג אונ האָבנ אנאליזירט אלע אירע סאכאקלענ, קעגנ דעמ פעדאנטישנ, טיפ־אָפּאָרטוניסטישנ צוגאנג, וועלכנ עס האָט דערלאָזנ, צומ ביישפיל, פלעכאנאָוו, וואָס האָט נאָכנ באוואָפנטנ דעקאבער־אופשטאנד פונ 1905 יאָר געשריִענ ווי א ליבעראל: „מע האָט ניט געדארפט נעמענ זיכ פאר געווער".

לענינ גיט פאָלגנדיקנ בילד פונ דער אנטוויקלונג פונ די מארקסיסטישע אָנשויונגענ אינ דער פראגע וועגנ מעלוכע.

אינ די ערשטע, ווי ער ווייזט אָנ, ווערק פונ „רייפנ מארקסיזמ", ערעוו דער רעוואָליוציע פונ 1848 יאָר אינ „אָרעמקייט פונ דער פילאָסאָפיע" אונ אינ „קאָמוניסטישנ מאניפעסט" פאָרמולירנ מארקס אונ ענגעלס דערוויילנ נאָכ אינ אלגעמיינע שטריכנ די אידייע וועגנ דער דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט אלס א שטעלונג: „מעלוכע, דאָס הייסט, דער פראָלעטאריאט אנ אָרגאניזירטער אינ א הערשנדיקנ קלאס".

---

[1] וו. אי. לענינ. ווערק. באנד XXI, ז. 392.

אינ פארלויפ פונ די יאָרנ 1848—1851 לעבט איבער אייראָפּע, באזונדערס פראנקרייכ, א גאנצע ריי ביז גאָר גרויסע רעוואָליוציאָנערע געשעענישנ, מארקס האָט אינ זײַנ געניאַלער ארבעט „דער 18־טער ברומער פונ לוי באָנאפארט" געגעבנ א ניט איבערגעשטיגענעמ אנאליז פונ די דאָזיקע געשעענישנ פונעמ שטאנדפונקט פונ מאטעריאליסטישנ פארשטײַנ געשיכטע. אונ אָט ווײַזט אָנ לענינ, אז אינ „18-טנ ברומער פונ לוי באָנאפארט" אינ דער פראגע וועגנ מעלוכע „מאכט דער מארקסיזמ א קאָלאָסאלנ טראָט פאָרויס אינ פארגלײַכ מיטנ „קאָמוניסטישנ מאניפעסט". אפנ גרונט פונ דער דערפארונג פונ די געשעענישנ פונ די יאָרנ 1848—1851 קומט מארקס צומ אויספיר, אז אלע פריערדיקע רעוואָליוציעס האָבנ פארפולקאָמט די מעלוכישע מאשינ, מע דארפ זי אָבער צעקלאפנ, צעברעכנ. די רעוואָליוציע פונ פראָלעטאריאט דארפ קאָנצענטרירנ אלע צעשטערונג־קרעפטנ קעגנ דער בורזשואזער מעלוכישער מאכט.

אינעמ באוווסטנ בריוו צו ווײדעמײערנ פארנ 5־טנ מארט 1852 י. פארטיפערט מארקס די דאָזיקע שטעלונג פונ דער פראגע אונ רוקט ארויס די פראגע וועגנ דער נייטיקײַט פונ א רעוואָליוציאָנערנ איבערגאנג־פעריאָד, פונ דער דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט. טאקע אינ דעמ איז לויט לענינס ווערטער „... ערשטנס, דער וויכטיקער אונ קארדינאלער אונטערשייד צווישנ זײַנ לערע אונ דער לערע פונ די פאָרגעשריטענע אונ טיפסטע דענקער פונ דער בורזשואזיע, אונ צווייטנס, דער טאָכ פונ זײַנ לערע וועגנ מעלוכע" [1]).

צוזעצט, דער פאָלגנדיקער גרויסער טראָט פאָרויס אינ דער אנטוויקלונג פונ דער מארקסיסטישער לערע וועגנ מעלוכע איז דער דיסקאָנט פונ דער דערפארונג פונ דער פאריזשער קאָמונע אינ 1871 יאָר. לענינ האָט אָנגעוויזנ, אז אינ 1852 יאָר האָט מענ מיט דער גאנצער שטרענגער וויסנשאפטלעכקײַט, בא וועלכער עס האָט זיכ געהאלטנ מארקס, האָט מענ געקאָנט בלויז קאָנסטאטירנ, אז די פראָלעטארישע רעוואָליוציע איז צוגעגאנגענ צו דער אויפגאבע פונ קאָנצענטרירנ אלע קרעפטנ, קעדיי צעשטערנ די מעלוכע־מאשינ פונ דער בורזשואזיע, אָבער עס איז נאָכ ניט געווענ קיינ מאטעריאל, קעדיי צו ענטפערנ אפ דער פראגע וועגנ דעמ, מיט וואָס צו פארבײַטנ די מעלוכע פונ דער בורזשואזיע.

ניט ארײַנלאָזנדיק זיכ אינ אוטאָפּיעס, האָט מארקס דערווארט פונ דער דערפארונג פונ דער מאסנ־באוועגונג אנ ענטפער אפ דער פראגע, מיט וואָס פארבײַט מענ די אלטע מעלוכע־מאשינ. אונ די דערפארונג פונ דער פאריזשער קאָמונע האָט דעמ דאָזיקנ ענטפער געגעבנ.

די גרויסקײַט פונ מארקסנ אונ ענגעלסנ באשטייט אינ דעמ, וואָס זיי האָבנ באוויזנ נעמענ די גרונטלעכע אונ וויכטיקסטע לעקציע פונ דער פאריזשער קאָמונע. די דאָזיקע לעקציע איז באשטאנענ אינ דעמ, וואָס די פאריזשער ארבעטנדיקע האָבנ אינ זייער קאמפ קעגנ דער רעאקציע אָנגעהויבנ שאפנ א נײַע מעלוכע, א „באשטימטע" פאָרמ פונ דער פראָלעטארישער סאָציאליסטישער רעפובליק.

---

[1]) וו. אי. לענינ. ווערק. באנד XXI, ז. 392.

פאַראַלגעמיינערנדיק דאָס נײַע, וואָס עס האָט אַרײַנגעטראָגנ לענינ אינ דער אַנטוויקלונג פונ דער מאַרקסיסטישער לערע וועגנ מעלוכע, האָט דער כאַווער סטאַלינ געשריבנ:

„די גרונט־אידיי פונ דער דיקטאַטור פונ פּראָלעטאַריאַט, אַלס פּאָליטישע הערשאַפט פונ פּראָלעטאַריאַט אונ אַלס מעטאָד פונ אַראָפּוואַרפנ די מאַכט פונ קאַפּיטאַל דורכ געוואַלדטאַט, האָבנ געגעבנ מאַרקס אונ ענגעלס. דאָס נײַע בא לענינענ אינ דעמ דאָזיקנ געביט באַשטייט דערינ, וואָס: א) ער האָט אַנטדעקט די סאָוועטנמאַכט, אַלס מעלוכע־פאָרמ פונ דער דיקטאַטור פונ פּראָלעטאַריאַט, אויסנוצנדיק צוליב דעמ די דערפאַרונג פונ דער פּאַריזשער קאָמונע אונ פונ דער רוסישער רעוואָליוציע; ב) ער האָט פאַנאַנדערגעפנט די קלאַמערנ אינ דער פאָרמולע פונ דיקטאַטור פונעמ פּראָלעטאַריאַט פונעמ שטאַנדפּונקט פונ דער פּראָבלעמ וועגנ די פאַרבינדעטע פונ פּראָלעטאַריאַט, דעפינירנדיק די דיקטאַטור פונעמ פּראָלעטאַריאַט אַלס א באַזונדערע פאָרמ פונעמ קלאַסנ־פאַרבאַנד פונ פּראָלעטאַריאַט, וועלכער איז דער אָנפירער, מיט די עקספּלואַטירטע מאַסנ פונ די ניט־פּראָלעטאַרישע קלאַסנ (פּויערטומ א. אנד.), וועלכע זײַנענ די אָנגעפירטע; ג) ער האָט אונטערגעשטראָכנ מיט א באַזונדער קראַפט יענעמ פאַקט, אז די דיקטאַטור פונ פּראָלעטאַריאַט איז דער העכסטער טיפּ דעמאָקראַטיע בא א קלאַסנ־געזעלשאַפט, די פאָרמ פונ דער פּראָלעטאַרישער דעמאָקראַטיע, וועלכע דריקט אויס די אינטערעסנ פונ דער מערהײַט (עקספּלואַטירטע), — אינ קעגנגעוויכט צו דער דעמאָקראַטיע דער קאַפּיטאַליסטישער, וועלכע דריקט אויס די אינטערעסנ פונ דער מינדערהײַט (עקספּלואַטאָרס)”.

לענינס אידייעס, וואָס זײַנענ אַנטוויקלט געוואָרנ אינ זײַנ בוכ „מעלוכע אונ רעוואָליוציע” האָבנ אויסגעהאַלטנ א גרויסנ היסטאָרישנ קאָנטראָל.

דער רעפאָרמיזמ אונ אָפּאָרטוניזמ אינ דער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס די וואָרצלענ אונ דער טאָכ זײַנער זײַנענ מיט אַזא מערקווירדיקער קלאָרקײַט אויפגעדעקט געוואָרנ דורכ לענינענ, האָט דורכגעמאַכט זײַנ ווײַטערדיקע עוואָליוציע. מיט אַלע זײַנע וואָרצלענ איז ער אַרײַנגעוואָקסנ אינ דער בורזשואַזער מעלוכע. דער אָפּאָרטוניזמ האָט זיכ אַרויסגעוויזנ אַלס איינער פונ די זיכערסטע זײַלנ פונ דער בורזשואַזער הערשאַפט. מיט זייער פאַררעטערישער פּאָליטיק אינ צעשפּאַלטנ די רייענ פונעמ אַרבעטער־קלאַס האָבנ די אָפּאָרטוניסטישע לידערס פונ דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע דורכגעלייגט אינ א רײ לענדער א וועג פאַר דער צעיושעטער, באַרבאַרישער, טעראָריסטישער דיקטאַטור פונ פאַשיזמ.

די פאַשיסטישע מעלוכע האָט געגעבנ א קעגנשטאַנד־לעקציע די פּאַרלאַמענטאַרישע קרעטינענ אונ די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע נאַראָנימלעכ. איצט האָט די גאַנצע וועלט דערזענ אָנשוילעכ, וואָס עס שטעלט מיט זיכ פאָר די דיקטאַטור פונ דער בורזשואַזיע, צו וואָס עס ברענגט דער וועג פונ דער שפּאַלטונג פונעמ אַרבעטער־קלאַס אונ פונ אָפּלייקענענ די איינהײַט פונ זײַנע מײַסימ.

די סאָוועטנמאַכט, אַלס פאָרמ פונ דער דיקטאַטור פונ פּראָלעטאַריאַט, וועלכע לענינ האָט אַנטדעקט אינ „מעלוכע אונ רעוואָליוציע”, האָט באַקומענ איר דורכ־קאָנטראָלירונג אינ א צווישנפעלקערלעכנ מאַסשטאַב. פאַר די דאָזיקע שלאַכט־יאָרנ

האָט דער ארבעטער־קלאס באקומענ קאָלאָסאלע לעקציעס פונ דער דערפארונג פונ דער בײַערישער אונ אונגארישער סאָוועטנ־רעפובליקנ.

א וונדערבארנ טריִומפ פײַערט די לענינישע לערע וועגנ דער דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט אונ וועגנ דער סאָוועטישער דעמאָקראטיע אינ צוזאמענהאנג מיטנ זיג פונ סאָציאַליזם אינ אונדזער לאנד. אפ די וועגנ, וועלכע עס האָט פאָרויס אָנגעוויזנ לענינ, ביפראט אינ זײַנ בוכ „מעלוכע אונ רעוואָליוציע“ האָט דער ארבעטער־קלאס פונ אונדזער לאנד אונטער דער פירערשאפט פונ כאווער סטאלינ, דעם פאָרזעצער פונ לענינס זאכ, אויסגעבויט דעם סאָציאַליזם—די ערשטע פאזע פונ קאָמוניזם.

אינ די הײסע שלאכטנ קעגנ די צעיושעטע סאָנים פונ לענינינזם האָט דער כאווער סטאלינ נית נאָר אײַנגעהאלטנ אינ דער גאנצער רײנקײַט די לענינישע לערע פונ דער דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט, נאָר אנטוויקלט זי ווײַטער צוגעפאסט צו די נײַע באדינגונגענ פונ קלאסנקאמפ, צום נײַעם עטאפ פונ דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע, האָט באדײַטנדיק באר͏ײַכערט איר אינהאלט.

**אי. דרוקער**

# וועגנ ע. שעכטמאַנס צווייטנ בוכ „פאַראַקערטע מעזשעס"

אינעם צווייטנ בוכ „פאַראַקערטע מעזשעס" שילדערט שעכטמאַנ דעם „נעפ" אינ די יאָרנ 1926—1927, די אַלע פאַרשיידענע עטאַפּנ אונ פּראָצעסנ, וואָס דערפירנ אונ דערנעענטערנ די געשעענישנ „צום יאָר פונ גרויסנ איבערברוכ".

ווי־אַזשע ווערנ פאַנאַנדערגעשטעלט די קויכעס, ווי ווערט געגעבנ דער ספּעקוליאַנטיש־באַלעגופּישער לאַגער, ווי וואַקסנ דאָ אויס די פּאָזיטיווע געשטאַלטנ—די קעגנשטעלנדיקע קראַפט?

אינעם ספּעקוליאַנטיש־באַלעגופּישנ לאַגער פילט .זיכ אַ גוואַלדיקע אומרויִקײַט. די אומרויִקײַט דריקט זיכ אויס אינ זייערע האַנדלונגענ, אינ זייערע רייד, אינ די שילדערונגענ פונ יעדנס געמיט־צושטאַנד, אינ דער שילדערונג פונ די שטייגער־בילדער אונ שטייגער־שטריכנ. דער אומרו קומט פונ דעם, וואָס יעדער איינער פונ ספּעקוליאַנטיש־באַלעגופּישנ לאַגער האָט דערפילט, אַז עס דערנעענטערט זיכ זייער ענדגילטיקער סאָפ. עס וויקלט זיכ פאַנאַנדער די קאָאָפּעראַציע, עס הויבט זיכ אָנ ברייטער אַנטוויקלענ די קאָלווירטישע באַוועגונג. צוריק מיט עטלעכע יאָר האָט טרועל מיידאַנער זיכ אויסגעלאַכט פונ דער קאָאָפּעראַציע.

אונ איצט טרעט ער אָפּ באַצײַטנס, ער שמוגלט זיכ אַרײַנ אינ שטעטלשנ קאָ־לעקטיוו ער זאָל קאָנענ אומלעגאַל, אונטער דער מאַסקע פונ אַ קאָלווירטניק, פאַר־זעצנ זײַנע ספּעקוליאַנטישע געשעפטנ. סטעפּאַנ זיגערס שיקערט, פונ פאַרביטערט־קײַט וואַרפט ער זיכ שלאָגנ אונ צערעוועט זיכ ווילד מיט אַ צעיושעטנ באַלעגופּישנ אונ אַנטיסעמיטישנ לעקסיקאָנ.

מינע, אַריע יוזיפינערס טאָכטער, צעיאָגט די שקאַפע אינ ווילדנ גאַלאָפּ אינ גרויסנ שלאַקס־רעגנ טרינקענ, עס ווילט זיכ איר לויפנ אונ אַנטלויפנ, זי ווייסט אָבער, אַז זי האָט ניט וווהינ צו לויפנ. אונ מוישע מופּטע, דער מער פעסטערער ספּעקוליאַנט, שרײַט אויס אינ ווילדער פאַרלוירנקײַט:—„פאַרוואָס טאַנצט מענ ניט?

ייִדן, טאַנצן דאַרף מען! רעב סרולעל, װאַרפט אװעק אײַערע פּאַניקעס, גיט א האַנט״ (ז. 122).

די באַלעגופיש־ספּעקוליאַנטישע עלעמענטן הױבן אָן פילן זײער סאָף, זײ װערן בײזער און אופגערײצטער. דער איצטיקער צושטאַנד, װען דער באָרג הױבט זיך אָן ארױסרוקן פון אונטער זײערע פיס, צעבערעכט די „יוסטע באַלעבאַטישקײַט“ פון אַן אריע יוזיפינער, די, אזױ צו זאָגן, געמאַכטע און פאַרמאַסקירטע „מישפּאָכעדיקע אײנהײַטלעכקײַט און פרײַנטשאַפט“. די מישפּאָכע־לײַט און „פרײַנט“ זײַנען איצט מער װי אַלע מאָל גרײט אין יעדער מינוט אײנער דעם צװײטן דערשטיקן, װי באַלד עס רעדט זיך נאָר װעגן געלט. די ספּעקוליאַנטיש־באַלעגופישע נאַטור, װאָס איז פריִער געװען אײַנגעװיקלט אין פאַרשײדענע פאַרמאַסקירטע צװיִעסדיקע מאַסקעס און שלײערס, װערט איצט אַנטבלױזט מיט דער גאַנצער כײַישער בלוטדאָרשטיקײַט און װילדער זשעדנעקײַט. װען סרולעל מײדאַנער דערהערט, אז דער פערד האָט צעמאַזיקט פראַדלען, אריע יוזיפינערס װײַב, באַומרויִקט ער זיך גװאַלדיק און לױפט ראַטעװען ניט פראַדלען געװײנטלעך, נאָר דאָס געלט, װאָס סע קומט אים פון איר.

„גאָט װײסט װאָס ס'קאָן ארױסקומען פון דעם... איך האָב מיט איר אסאַך כעזשבױנעס, מע דאַרף לױפן ראַטעװען דאָס געלט“ (ז. 16).

דער אַלטער בײלע, פראַדלס שװיגער, קימערט אױך זײער װײניק דער געזונט פון איר שנור. זי נוצט אױס דעם מאָמענט פון איר שלאָף זײַן אָפּ באַרױבן זי. די אַלטע בײלע טאַפּט מיט אײן האַנט פראַדלס „נאַקעט בלױ אופגעלאָפענעם בױך“ און מיט דער צװײטער נישטערט זי די קניפּלעך, און װען זי טאַפּט אָן דאָס קניפּל, צינדן זיך אָן אירע פאַרזשאַװערטע אױגן און מיט א צװיִעסדיק פרום פּענעמל כליפּעט זי:

„גלײַכער װאָלט מיך דער אומגליק געטראָפן, און דערװײַל ארײַנגערוקט אין בוזעם דאָס הארטע קניפּל,—אױ, גאָטעניו, כײַ װאָלט עס מיר געװען טרעפן“ (ז. 17).

די שװיגער באַרױבט די שנור און דער זון בענציע באַרױבט די מוטער. ער װאַלגערט זי אום די אַלטע בײלע, פאַרשטאָפּט איר דאָס מױל זי זאָל ניט שרײַען, רײַסט ארױס בא איר דאָס צוגעגאַנװעטע קניפּל און פאַר איר אין די אױגן זעצט ער זיך צײלן די גאָלדענע פינפערלעך. ניט בעסער פון דער שװיגער איז די שנור. װען פראַדל טרעפט די אַלטע בײלע א טױטע, איז די ערשטע זאַך, װאָס זי טוט, קריכט זי איר אין בוזעם ארײַן זוכן דאָס קניפּל.

פראַדל רײַסט זיך ארײַן װי א װילדע כײַע מיט די נעגל אין בענציעס פּאָנעם, װען זי דערװיסט זיך, אז ער האָט פאַרקױפט אירע מאַשינעס.

העכער פון אַלץ איז געלט, און אַלץ אין זײער לעבן איז מיסכער, האַנדל.

דער שטעטלדיקער קוסטאַר עקספּלואַטאַטאָר הערש־לײב דער קירזשנער, װען ער װענדעט זיך צו זײַנע זין—„מיט א טאַטן כעזשבנט מען זיך אױך?“ באַקומט ער א קלאָרן ענטפער:—„איצט ביסטו א קירזשנער ניט קײן טאַטע“ (ז. 75).

אומרויִקע, צעיושעטע טרעטן די באלעגופיש־ספעקולאַנטישע עלעמענטן ניט אָפּ פון זייערע פּאָזיציעס. זיי זוכן נײַע מעטאָדן פון אָנגריפּ, פון זיך קעגנשטעלן דער קאָמוניסטישער פארטיי און ראטנמאכט. סטעפּאַן, וואָס האָט איבערגענומען זײַן פּאָטערס באלעבאטישקײַט און באקומען אַן אָנזאָג פון פּאָטער אים אריבערשטײַגן אין רײַכקײַט, פאָרמולירט דאָ אין אָנהויב פון בוך פאר יאנקאָ דעם מילנער די טאַקטיק און מעטאָדן, וואָס זיי דאַרפן איצט אָנווענדן. ער רעדט פארשטעלט און גלײַך דעשיפרירט ער, וואָס ער מיינט. ער מיינט שאַפן פעסטונגען, פון וועלכע און דורך וועלכע דער אָנגריפּ זאָל ווערן שטארקער, צילטרעפלעכער. ער לייגט פאָר צו הילף דעם קלויסטער עפענען א „טשײַנע מיט מוזיקע“ אפּ ארײַנארן און ארײַנכאַפּן אין זייערע הענט די דאָרפישע מאסע.

מע מוז זײַן גרייט, מע מוז זײַן באוואָפנט, ווײַל, „דאָס לעבן בריט ווי קראָפּיווע, טאָר מען עס מיט הוילע הענט ניט נעמען“ (ז. 18).

דאָס פארשטעלן זיך פון די באלעגופים אין „שטילע“, זיסינקע, קימאט „הייליקע“ האָט זיך נאָך אָנגעהויבן אָנמערקן ערטערווײַז אין דער ערשטער טייל „פארזאקערטע מעזשעס“. דער לערער אלעקסיי איוואנאָוויטש, דער געוועזענער באנדיט מארקא בודיאַק און איצטיקער פארשטעלטער ציגײַנער, טײַנעט אײַן מיט פראנעקן, אז פאר דער פויערישער מאסע דאַרף ער ארויסווײַזן זײַן „לײַטישקײַט“. מאריעס טויט איז בא זיי א צאָרע, דאַרף מען ווײַזן, אז ס׳איז אונדזער צאָרע אויך“ („פ.מ.“ ערשטע טייל ז. 161). פראנעק איז מאסקים, ער איז גרייט צונעמען צו זיך מאריעס קינד. „מע דאַרף זיך אײַנקויפן בא די האלישעס אין יִכעס... מע דאַרף, אז זיי זאָלן אפּ אונדז גאָרניט גלויבן.“ — „איר זײַט גערעכט, אלעקסיי איוואנאָוויטש, כאַזערט נאָכאמאָל איבער פראנעק, מע דאַרף קאָנען זיך שפּילן מיט זיי“ („פ. מ.“ 1־טע טייל ז. 161).

אָט די באלעגופישע שפּיל אין „לײַטישקײַט“ ווערט אין איצטיקן מאָמענט פארשטארקט און פארגרעסערט. סטעפּאַן פארשטעלט זיך פאר אַן „אייגענעם“. ער, דער רײַכסטער פון דאָרף, האָט דאָך זיך ניט אָפּגעשטעלט און כאַסענע געהאַט פאר דער נײַמיטשקע ווארוואַרע, און אין דעם גלויבן אים אסאַך פויערים. „אסאַך האָבן געהאלטן דעם יונגן זיגערטן פאר א זייעריקן... ער האָט דאָך כאַסענע געהאַט פאר אנדריי דעם ווײַסנס שוועסטער, וואָס האָט בא זיי גענײַמעוועט“. (ז. 156). סטעפּאַן זיגערט זאָגט צו דער אָרעמשאַפט אויסלײַען פארזיי־מאטעריאל און מיט דעם געווינט ער זיך נײַע פרײַנט. „סטעפּאַן איז ניט דער אלטער, זאָגט דער וואקלדיקער האראסים, דער וועט גיין מענטשן אנטקעגן“.

„יאנקאָ באַדאַנקט דעם אוילעם פאר דער גוטער ארבעט און פארבעט אלעמען אין שטוב ארײַן“ (ז. 28) אָלעס פירט אָן מיטן ווארמעס און הייסט ניט זשאלעווען, און ווען דער אוילעם ווערט פריילעך נוצט ער אויס דעם מאָמענט פאר זײַן באלעגופישער אגיטאציע. ער רעדט וועגן דעם הייליקן יעזוס און וועגן דעם, אז „מענטשן דאַרפן לעבן גוט צווישן זיך“ און, „אז אומזיסט רייצט מען אונדז אײנעם אפן אנדערן“. פראנעק און אריע זײַנען געווען פאסקודניאקעס, האָבן זיי באקומען זייער שטראָף, אָבער זיי, אָלעס און סטעפּאַן, זיי זײַנען גאָר אנדערע, צו זיי קאָן מען קיין טײַנעס ניט האָבן.

בא די אלע אויסגעפונענע טרעפלעכע דעטאלנ, עפּיזאָדנ און שטריכנ, וואָס כאראקטעריזירנ די נײַע טאקטיק און מעטאָדנ פונעם באלעגופ, גיט זיכ דאָכ ניט אײַנ דעם כ׳ שעכטמאנ אויספורעמענ פולבלוטיקע טיפּישע אינדיווידואליזירטע באלעגופישע געשטאלטנ. ווײַל עס פעלט דאָ אויס אינ בוכ די פולע רעאליסטישע פאנאנדערוויקלונג פונ די געשעענישנ און פארביטערטנ קלאסנקאמפּ, עס פעלנ דאָ אויס די נויטיקע טיפּישע סיטואציעס און טיפּישע אומשטענדנ.

„רעאליזם, לויט מײַנ מיינונג, שרײַבט ענגעלס צו דער שרײַבערנ הארקנעס, מיינט, כוץ וואָרהאפטיקײַט פונ דעטאלנ, ריכטיק איבערגעבנ טיפּישע כאראקטערנ אינ טיפּישע אומשטענדנ“.

ס׳איז ניטאָ קיינ מער שטארקערער און שארפערער אופרײַס־מאטעריאל קעגנ די סאָנים פונ דער רעוואָליוציע, ווי שילדערנ זיי מיט דער גאנצער רעאלקײַט פונ זייער אויסזעג. מיט זייער פארמאסקירטקײַט, מיט זייער שטילנ אונטערגראָבנ זיכ, מיט זייער וואָלפישער צערייצטקײַט, פארביסנקײַט און ווילדקײַט מיט זייערע אלע טאטנ, האנדלונגענ, שטימונגענ און איבערלעבונגענ, מיט דער אינדיווידואליזירטקײַט און פאנאנדערגעגרענעצטקײַט, וואָס טיילט זיי אויס איינעם פונעם צווייטנ.

„דער קלאסנ־סימענ,—שטרײַכט אונטער מאקסים גאָרקי,—גיט נאָכ ניט קיינ לעבעדיקנ, גאנצנ מענטשנ, א קינסטלעריש־אויסגעפורעמטנ כאראקטער. מיר ווייסנ, אז מענטשנ זײַנענ פארשיידנארטיק“. אָט די טעאָרעטישע אײַנשטעלונגענ פונעם גרויסנ שרײַבער און ליטעראטור־קענער, איז שטענדיק פארווירקלעכט געוואָרנ אינ זײַנע ווערק. לאָמיר נעמענ, צ. ב., זײַנע צוויי באוווסטע סאָכרישע געשטאלטנ יעגאָר בוליטשעוו און וואסילי דאָסטיגאיעוו, זיי זײַנענ אבסאָליוט ניט ענלעכ איינער אפנ צווייטנ, כאָטש די סאָציִאלע באדינגונגענ, דער סאָציִאלער באָדנ, וואָס האָט זיי געבוירנ, איז דער זעלבער און אייגענער. זיי באציענ זיכ פארשיידנ יעדער אפ זײַנ אייפנ צום ארומיקנ לעבנ. די שטרענג־פאנאנדערגעגרענעצטע אינדיווידועלע שטריכנ, וואָס די צוויי געשטאלטנ פארמאָגנ פארשטעלט ניט זייער סאָציִאלנ טאָכ און זייער סאָציִאלנ פארצעפּ, נאָר, פארקערט, עס דעקט אופ נאָכ מער בולעטער און מער וואָרהאפטיקער.

אינ דער ערשטער טייל „פאראקערטע מעזשעס“ פלעגט שעכטמאנ אָפט פארבײַטנ די אינדיווידואליזירונג פונ א ריי געשטאלטנ זײַנע אפ „פּרימעטעס“ און אויסערלעכע סימאָנים. די פאנאנדערגרענעצונג איז אָפט באשטאנענ אינ דעם, וואָס איינער האָט א געלע צוויישפּיציקע באָרד, און דער צווייטער ניט. וואָס איינער רעדט גוט און דער צווייטער זאִיקעט זיכ. אויכ אינ דער צווייטער טייל פונ ראָמאנ איז די אינדיווידואליזירונג שוואכ, אָבער דאָכ אסאכ מער קאָנטיקער, ווי אינ דער ערשטער טייל. בענציע און מוישע מופּטע זײַנענ אינ זייער אסאכ ערטער די זעלבע און אייגענע ציניש־פארדאָרבענע ספּעקוליאנטישע געשטאלטנ,—זיי איז שווער פאנאנדערטיילנ. דאָס פאנאנדערטיילנ שטערט נאָר דאָס, וואָס שעכטמאנ ווײַזט זיי אינ איינע און די זעלבע טאטנ. אינ דער ערשטער טייל דערוויסנ מיר זיכ, אז בענציע האָט פארגוואלדיקט מאריענ און זי איז איבער אים אומגעקומענ, און אינ דער צווייטער טייל לעבט זיי אופ שעכטמאנ אינ דערמאָנונג. די זעלבע פאסירונג־געשיכטע מיט מוישע מופּטע. מוישע מופּטע פארגוואלדיקט דאָס יונגע דאָרפישע מיידל נאטאלקע,

און אויך זי קומט איבער אים אום. אין דער ווײַטערדיקער פֿאַנאַנדערוויקלונג פֿון די האַנדלונגען הויבט אָן שעכטמאַן אויסגעפֿינען געוויסע שטריכן, וואָס הייבט זיי אָן פֿאַנאַנדערגרענעצן. מוישע מופּטע איז געוואַגטער. זײַן ספּעקוליאַנטישער אַזאַרט ווייסט ניט פֿון קיין גרענעצן, ער איז אַקטיווער, ער פֿאַרבינדט זיך מיט סטעפּאַנען און מיטן „ציגײַנער" און העלפֿט זיי מיט אין זייער קאָנטר־רעוואָליוציאָנערער טעטיקײַט. ער איז האָפֿערדיק. אָט די האָפֿערדיקײַט און געוואַגטקײַט פֿעלט בענציען. פֿון טאָג צו טאָג שטייט ער אָפּ פֿון מוישע מופּטע. ער הייבט אָן אַרויסגיין פֿון דער קאַלייע און דאָס פֿאַרשטאַרקט מער זײַן שרעק פֿאַרן מאָרגנדיקן טאָג.

יִסראָעל מיידאַנער, דער יעזויִטישער ייִד, דער לאַמדן, וואָס זוכט אומעטום אַ „בעפּיירעשן דינ" אָפּ באַרעכטיקן יעדן אומרעכט, האָט זיך זײַן טאַקטיק: „זײַן שפּאַן ליגט באַ אים אין בוזעם־קעשענע" און ער איז זיכער, אַז אונטער דער מאַסקע פֿון אַ קאָלווירטניק וועט ער מאַכן בעסערע געשעפֿטן ווי מיטן פּאַטענט.

די באַלעגופֿישע געשטאַלטן פֿילן אויס יעדער איינער אָפּ זײַן אויפֿן די ניי־אָנגעהויבענדעסטע קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע אויפֿגאַבן, אין דעם אויפֿן פֿון אויספֿילן מערקן זיך אָן אייניקע געוויסע אינדיווידואַליזירטע שטריכן.

שילדערנדיק דעם „ציגײַנער", די הויפּט־צענטראַלע געשטאַלט פֿונעם לאַגער פֿון קלאַסן־סוינע סטאַרעט זיך שעכטמאַן מאַכן אים ציקאַווע, און וואָס נעמט זיך דער־פֿון, וואָס שעכטמאַן קאָן אים ניט מאַכן אינטערעסאַנט דורך רעאַלער וואָרהאַפּטיקער שילדערונג. אָנשטאָט ווײַזן די פֿאַרמאַסקירונג פֿון קלאַסן־סוינע, וואָס קריכט דורך יעדער שפּאַרונקעלע און וואָס סטאַרעט זיך שטענדיק זײַן אין קאָך פֿונעם לעבן, פֿאַרכאַפּן שטענדיק אַן אויבן אָן, קעדיי קאָנען לײַכטער פֿון אינעווייניק שעדיקן, פֿאַרגרימירט אים שעכטמאַן און טוט אים אַלע מאָל איבער—אָט אין אַ ציגײַנער, אָט אין אַ דעמאָביליזירטן רויטאַרמייער און אָט גאָר אין אַ בעטלער. די פֿאַרשיידענע טעאַטראַל־פֿאַרגרימירנדיקע פּענעמער און געשטאַלטלעכע אויסזעענס העלפֿן דאָ ניט דערקאָנען אין דער גאַנצער פֿולקײַט די עמעסע געשטאַלט פֿון קלאַסן־סוינע. שעכטמאַן אַנטפּלעקט ניט און דעקט ניט אויף מאַרק בודיאַקס נאַציאָנאַליסטיש־באַלעגופֿישע וועלט־אָנשויונג, וואָס באַקומט אַלע מאָל אַן אַנדער באַפֿאַרבונג, און וואָס איז די באַוועג־קראַפֿט פֿון זײַנע ווילדע באַנדיטישע, ראָצכישע מײַסים. שעכטמאַן ווײַזט ניט די פֿאַרשיידענע קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע אײַנפֿלוסן און אויפֿווירקונגען, וואָס מוטיקן און באַגײַסטערן אים אין זײַן קאָנטר־רעוואָליוציאָנערער אַרבעט, ווי די באַנדיטישע טראָצקיסטיש־בוכאַרינישע שעדיקערײַ. מיר זעען אים ניט אין פֿאַרבינדונג מיט די אַלע שעדיקערישע נאַציאָנאַליסטישע קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס און גרופּעס, וואָס האָבן צו יענער צײַט געאָרודעוועט און געשעדיקט אָפּ אוקראַיִנע. און ווײַל ער איז איזאָלירט פֿון דעם אַלעם באַקומט זיך ווײַט ניט אײַבערצײַגעוודיק, ווען ער זאָגט אַלעסן און סטעפּאַנען—„מיר דאַרפֿן גרייטן אַן אופֿשטאַנד אָפּ אוקראַיִנע" (ז. 230).

די איזאָלירטקײַט פֿון דער „ציגײַנער"־געשטאַלט פֿאַרשמעלערט ביז גאָר דעם פֿאַרנעם, דעם קרײַז פֿון זײַן טעטיקײַט.

סטעפּאַן פֿיגורירט דאָ אַסאַך מער מאָל ווי אַלעס, ער איז מער טעטיק. מאָמענט־ווײַז זעען מיר אים מיט זײַנע איבערלעבונגען. דאָס טיילט אים אויס אָן אַן ערעך בוי־

לעטער פונ אַלעסנ. די טרעפלעכע שטריכנ פונ ווײַזנ סטעפאַנענ אונ אינ געוויסע מאָמענטנ אַלעסנ אינ די טאָגטעגלעכע צווישנפאַרהעלטענישנ מיט דער פויערישער מאַסע, פונ ווײַזנ זײ ערטערווײַז אינ זייער שטייגער, האָט געמאַכט אָנ אַנ ערעכ רעאַלער אונ קאָנקרעטער זייערע באַלעגופישע נײַ־אָנגעווענדעטע מעטאָדנ, האָט געמאַכט רעאַלער א רײ כאַראַקטער־שטריכנ זייערע. אונ וואָלט די קינסטלערישע באַוועג־קראַפט פונ ראָמאַנ געווענ א שטאַרקערע, וואָלט סטעפאַנ אפ געוויס געקענט אויסוואַקסנ אינ א פולבלוטיק לעבעדיק געשטאַלט. אויכ אַלעס האָט לויט דער טראַקטירונג, לויט דער פאַרנומענער פאָזיציע זײַנער געהאַט די מעגלעכקײַט מער וואָרהאַפטיקער אונ מער פולער זיכ אַנטפלעקנ פאַר אונדז. די מעגלעכקײַטנ זײַנענ אָבער פאַר אימ ניט געשאַפנ געוואָרנ אונ דערפאַר איז געבליבנ פאַרשטעלט ווי אינ שאָטנ.

פאַנאַנדערוויקלענ א ברייט בילד פונ קלאַסנקאַמפ אינ דאָרפ אינ דעמ אָדער יענעמ באַשטימטנ פעריאָד פונ דער פאַרגאַנגענהײַט, איז אומעגלעכ, ווענ עס ווערנ ניט ארויסגעפירט אפ די שלאַכט־פאָזיציעס אַלע סאָציאַלע גרופירונגענ „די אָרעמשאַפט אַלס אָנשפאַר פונ ארבעטער־קלאַס, דער מיטל־פויער אַלס פאַרבינדעטער אונ דער באַלעגופ אַלס קלאַסנפײַנט" (סטאַלינ).

וועגנ דעמ, ווי שעכטמאַנענ האָט זיכ אײַנגעגעבנ ווײַזנ דעמ ספעקוליאַנטיש־באַלעגופישנ לאַגער האָבנ מיר דאָ אויבנ באַהאַנדלט. איצט וועלנ מיר פרוּוונ דאָ באַטראַכטנ ווי האָט זיכ שעכטמאַנענ אײַנגעגעבנ ווײַזנ דאָס אָרעמפויערטומ אונ דאָס מיטלפויערטומ. אויב אינעמ לאַגער פונ די ספעקוליאַנטנ אונ באַלעגופימ פילט זיכ די אומרויִקײַט פונ אומקומענ, פילט זיכ אינעמ לאַגער פונ די אָרעמפויערימ די רויִקײַט אונ זיכערקײַט פונ אופקומ, די אָרעמפויערימ פילנ אונ באַנעמענ, אַז עס דערנענטערט זיכ דער סאָפ פונ די באַלעגופימ אונ אַז דעמ אָרעמפויער דערוואַרט א נײַ, בעסער אונ שענער לעבנ. דאָס פילנ אונ באַנעמענ ניט בלויז דער אַקטיוו קאָמיעזאַמאָוצעס, וואָס זאָגנ זיכ אָפ ארבעטנ בא די באַלעגופימ, נאָר אויכ דער טייל פונ די אָרעמע פויערימ וואָס ארבעטנ בא די באַלעגופימ, וואָס וואַקלענ זיכ אונ פאַלנ נאָכ צײַטנווײַז אונטער זייערע אופווירקונגענ.

ארבעטנדיק בא די באַלעגופימ, הייבנ זײ זיכ אָנ פילנ ווי די באַלעבאַטימ.

די האָפערדיקײַט אונ זיכערקײַט אינ זיכ ווערט פאַרוואַנדלט אינ יעדנ נייטיקנ מאָמענט אינ א ווידערשטאַנד־קראַפט קעגנ די באַלעגופישע שפיצלעכ.

אַלעס פרוּווט אינ מאָמענט פונ „גאַסטפרײַנטלעכקײַט", רופנ די פויערימ לעבנ מיט אימ בעשאָלעמ. די פויערימ לאָזנ זיכ אָבער ניט פאַרשיקערנ פונ זײַנ בראַנפנ אונ פונ זײַנ „גאַסטפרײַנטלעכקײַט". עס צעקאָכנ זיכ אינ זײ די בלוטנ „אונ די צינגער האָבנ זײ זיכ מיטאַמאָל צעבונדנ"; זײ גיבנ א ווידערשטאַנד אַלעסנ אונ דערקלערנ אימ, אַז קיינ שאָלעמ צווישנ זײ וועט ניט זײַנ.—„עפעס צו גוט געוואָרנ" לאַכנ איראָניש די פויערימ, אונ זייער אלעמענס שמייכל דרינגט ארײַנ אַלעס „ווי א נאָדל אינ האַרצנ ארײַנ". אונ ווענ דער „ציגײַנער" פרוּווט דורכפירנ זײַנ קאָנטררעוואָליוציאָנערע פראָפאַגאַנדע צווישנ די פויערישע מאַסנ הערט זיכ באַלד א שאַרפער ענטפער—„ס׳א ליגנ, עפעס גלויבט זיכ ניט". אונ אפילע דאַנ, ווענ די באַלעגופימ גיט זיכ אײַנ דורכ דעמ שאַנטאַזש־שווינדלערישנ מיטל פונ אָפפאַרבנ אונ

באנײַען די איקאָנעס, צעפּלאַקערן בא די פויערים דעם רעליגיעזן עקסטאַז און אָניאָגן אפ זיי מיסטישע שרעק, ווערט גיך פארוואנדלט די רעליגיעזע פּראָצעסיע אין א קאמפּס־פּראָצעסיע קעגן די באַלעגופים. די פויערישע מאסע ווערט אופגעזאָדן, בא יעדן איינעם הויבט אָן אופפלאַצן דער פאַרדראָס קעגן די דורעסדיקע באַלעגופישע אכזאָריעסדיקע אומרעכטן און דער פארדראָס אפ זיך אליין, וואָס מע האָט זיך געלאָזט איצט אָט דאָ, אזוי מיִעס פארפירן.

דער ווידערשטאנד, וואָס די אָרעמפויערישע מאסע ווײַזט ארויס אין יעדן נייטיקן מאָמענט, קומט פונעם באַוווּסטזײַן, וואָס איז טיף ארײַנגעדרונגען אין דער מערהײַט פון זיי,—אז די באַלעגופים ווילן זיי ווידער פארקנעכטן, אונטעריאָכן און צונעמען בא זיי דאָס אלץ, וואָס זיי האָט געגעבן די רעוואָליוציע, פון דעם באַוווּסטזײַן, אז די ראטנמאכט איז ניט עמעצער אנדערש, ווי זיי אלע צוזאמען און יעדער באזונדער פון זיי. „און ווער איז די ראטנמאכט? ראמאַן, האראסים, אַלעקסיי, יוליק און אוורומע“ (ז. 168).

שעכטמאַן גיט דאָ זייער געלונגענע איבער דעם געמיט־צושטאנד פון דער אָרעמפויערישער מאסע. מיר דערוואַרטן דאָ דערזען א ברייטע פאַנאַנדערוויקלונג פון געשעענישן און האנדלונגען, וואָס זאָל די אָרעמפויערישע מאסע אקטיוו מער ארײַנציִען אין קרײַז פון טעטיקײַט, און דורך דעם אופדעקן מיט דער גאנצער רעאַלקײַט זייער אָנטייל אין פארביטערטן קלאַסן־קאמף. די פאַנאַנדערוויקלונג פון זייער טעטיקײַט איז דאָ אָבער אומעגלעך געוואָרן שוין דערפאַר אליין, וואָס דאָס מיטל־פויערטום איז דאָ ביז גאָר שוואך פארטראָטן. דאָס מיטל־פויערטום ווערט בא שעכטמאַנען פאָרגעשטעלט בלויז דורך דער סכעמאַטיש־בלוט־אָרעמער געשטאַלט האראסים, וואָס וואקלט זיך און איבער וועמען עס ווערט געפירט א קאמף צווישן די באַלעגופים און קאָמניעזאַמאָוצעס: סטעפּאַן ציט אים צו זיך און טאַדעוש ענטפערט אָפ: „מיר וועלן האראסימען צו די מילנערס מיט די זיגערטס ניט אָפּגעבן. זיי קוקן ארויס אפ דעם, זיי ווילן אונדז צעקריגן“ (ז. 148). האראסים ווערט דאָ באַלד פארלוירן און פארווישט צווישן דעם ברייטן קרײַז געשטאַלטן פון די באַלעגופים און אָרעמפויערים.

אופדעקן דעם מיטל־פויער, וואָס איז „טיילווײַז א פּריוואַט־אייגנטימער, טיילווײַז א האָרעפּאַשניק“ (לענין), ווײַזן די אופמערקזאמע באַציִונג פון דער פארטיי און ראטנמאכט צו זײַנע נויטן און דעם קאמף קעגן זײַן אָפּגעשטאַנענקײַט דורך די מיטלען פון אידייִשער אופקלערונג, האָט מען אומבאַדינגט געדאַרפט ארויספירן א ריי לעבעדיקע מיטלפויערישע געשטאַלטן.

„...א פולשטענדיק ריכטיקע פּאָליטיק פון דער ראטנמאכט אין דאָרף זיכערט, אזוי ארום, דער בונד און אויסגלײַך פון זיגרײַכן פּראָלעטאַריאַט מיטן מיטל־פויערטום“ (פון דער רעזאָליוציע פון 8־טן צוזאמענפאָר פון ר. ק. פּ.)

די פולשטענדיקע ריכטיקע פּאָליטיק פון דער ראטנמאכט בענוגייע דעם מיטל־פויערטום איז דאָ, געגעבן סכעמאַטיש, שוואך, קוים באמערקבאַר. די פולשטענדיקע ריכטיקע פּאָליטיק פון דער פארטיי און ראטנמאכט אין דאָרף ווערט ניט אופגעדעקט דורך נאָך א ריי אנדערע וויכטיקע ריכט־פּונקטן. די פּראָצעסן אין דאָרף זײַנען בא שעכטמאַנען איזאָלירט פון די אלגעמיינע פּראָצעסן, וואָס זײַנען דאַן פּאָרגעקר־

מענ אינ לאנד. ער דעקט ניט אופ היסטאָריש קאָנקרעט דעם פארביטערטנ קאמפ, וואָס די פארטיי האָט געפירט אפ רעכטס אונ לינקס מיט די סאָנים פונ פאָלק, מיט די באנדיטישע אויסוווּרפנ טראָצקי אונ בוכארינ ארומ די פראגעס פונ קאָאָפעראציע אונ לאנדווירטשאפטלעכער איבערבויונג. דאָס שטערט שעכטמאנענ, געוויינטלעכ, וויַזנ מיט דער גאנצער פולקיַיט דעם בעהאדראָגעדיקנ פארשטארקטנ אָנגריפ פונ דער פארטיי אונ ראטנמאכט קעגנ די באלעגופים, דעמ בעהאדראָגעדיקנ אנטוויקלונגס־וועג, וואָס האָט געפירט אונ געבראכט צום „יאָר פונ גרויסנ איבערברוכ"—צו דער קאָלעקטיוויזאציע. שעכטמאנ בלאָנדזשעט דאָ צוויַטנוויַז אָנ א קאָמפאס, דאָס ברענגט צו דעם, וואָס ער רוקט אייניקע געשעענישנ ניט פאָרויס, נאָר ער פארקערעוועט זיי אפ צוריק.

אינ דעמ ערשטנ בוכ „פאראקערטע מעזשעס" דערציילט אונדז שעכטמאנ, אז „אינ איינעם א פארנאכט פונ יאָר טויזנט נייַנ הונדערט דריַ אונ צוואנציקסטנ" האָט פעטראָ באזילס געעפנט דעם סכאָד אונ גערעדט וועגנ דעם, אז מע דארפ עפענענ א „שקאָלע" (אונ טאקע דערפאר, וואָס ער האָט געהייסנ אויסהאקנ פופצנ דעמבעס מיט פיר סאָסנעס בא פראנעק זיגערט, שלאָגט מענ אים אָפ די כריפעס). עס גייענ דורכ דריַ־פיר יאָר אונ מיר דערוויסנ זיכ אינ דער צווייטער טייל פונ „פאראקערטע מעזשעס", אז די האלאפופעס „קאטשענ זיכ אינ שניי, האקסנ ווי דער בוריאנ" (ז. 13), וויַל די „שקאָלע" האָט מענ נאָכ ניט אויסגעבויט.—„איצט וועט מענ שוינ אופשטעלנ די „שקאָלע", (ז. 12) טרייסט זיכ יוליק. צי איז דאָס ריכטיק, אז נאָכ 8־9 יאָר רעוואָליוציע איז ניט געוועג קיינ שול אינ דאָרפ?—קלאָר, אז ניינ. דאָס האָט ניט געקענט געשענ אינ די סאמע פארוואָרפנסטע ווינקלענ פונ דער סאָוועטישער טעריטאָריע, וויַל אינ די סאמע שווערסטע יאָרנ פונ בירגער־קריג, אינ די יאָרנ פונ הונגער אונ צעשטערונג, האָט די פארטיי אונ ראטנמאכט געשענקט די גרעסטע אופמערקזאמקיַט דער שול, דער דערציונג פונ יונגנ דאָר. דער פרווו ארויס־שטעלנ אינ פאָדער־גרונט די קויכעס־פארהעלטענישנ ארומ דער בויונג פונ דער שול, איז א פארשפעטיקטער, אנ אָפּווענדונג אפ צוריק, וואָס אנטשפרעכט אבסאָליוט ניט דער ווירקלעכקיַט פונ דער געשילדערטער צייַט.

ניט בעסער האלט עס דאָ בא אים מיט דער שילדערונג פונ קאָאָפעראציע. אינ דער ערשטער טייל „פאראקערטע מעזשעס" וויקלענ זיכ פאנאנדער די געשעענישנ ארומ דער מילכ־קאָאָפעראציע. (איינע פונ די ערשטע מינימ פונ פראָדוציר-אָפּוּאצלע־כער קאָאָפעראציע). אינ דער צווייטער טייל רעדנ די קאָמניעזאמאָוּצעס דעריקער וועגנ דעמ קאָלעקטיוו אונ ניט נאָר זיי רעדנ, נאָר זיי ארבעטנ שוינ צוזאמענ אינ קאָלעקטיוו, דאָס דארפ באטיַטנ, אז זייער אקטיווקיַט ארומ דער קאָאָפעראציע איז שטארק אויסגעוואָקסנ.

„דערמיט, אגעוו, דערקלערט זיכ יענער פאקט, וואָס די קאָלווירטנ האָבנ אָנגע־הויבנ צו אנטשטיינ בא אונדז אונ צו אנטוויקלענ זיכ, בלויז אינ רעזולטאט פונ דער אנטוויקלונג אונ פארשטארקונג פונ דער אָפּזאצ־אונ באזאָרג-קאָאָפעראציע" (פונ סטאלינס שמועס מיט די סטודענטנ פונ אינסטיטוט פונ רויטער פראָפעסור פונ דער קאָמ. אקאדעמיע אונ פונ סווערדלאָווער אוניווערסיטעט אינ 1928 יאָר.) אונ גראדע אָט די אנטוויקלונג אונ פארשטארקונג פונ דער אָפּזאצ־אונ באזאָרג־קאָ-

אָפעראַציע, וואָס האָבנ געבראַכט צו דער אָרגאַניזירונג פונ קאָלעקטיוו און צום פעסטנ אָנגריפ אפ די ספעקוליאַנטישע עלעמענטנ, ווערט דאָ ניט געוויזנ. אַלצ איז נאָכ דאָ גאָר פונפאָרנט. פאָליע, ווענ זי קומט פונ שטאָט צו גאַסט אינ דאָרפ, איז דעמ ערשטנ וויכטיקסטנ שמועס, וואָס זי פירט איז וועגנ דער מילכ־קאָאָפעראַציע. אוודאָם סטאַווקיער דערמאָנט, אז מע זאָל ניט פאַרגעסנ „אָנהויבנ טראַכטנ וועגנ דער מילכ־מאַשינ“ (ז. 34) און טאַדעוש גיט צו, אז מע דאַרפ עפענענ א קלייט. מיט די עטלעכע טאַדעושעס ווערטער באַנוגנט זיכ שעכטמאַנ. די עפענונג פונ דער קלייט פונ דער באַזאָרג־קאָאָפעראַציע קומט דאָ ניט פאָר, מיר זעענ זיי ניט. שעכטמאַנ שפרינגט גלייכ אריבער פונ דער שוואַכ־אַנטוויקלטער אָפזאַצ־קאָאָפעראַציע צום קאָלווירט.

---

אומעטום, דאָרט וווּ שעכטמאַנ כאַפט זיכ ניט אָנ אינ די סאַמע וויכטיקסטע טעמאַטיש־אידייִשע רינגענ, פאַרלירט ער פונ אויג דאָס סאַמע צענטראַלע. ער געפינט ניט אויס די אָרגאַנישע טיפ פאַרקניפטע איינהייט צווישנ די פיגורנ, געשעענישנ, האַנדלונגענ און דעטאַלנ, שאַפט ניט די אַטמאָספער פונ טאַט און האַנדלונגענ, וואָס אָנ דעמ איז אומעגלעכ דער וווּקס פונ די געשטאַלטנ, די סיוזשעטישע פאַנאַנדערוויקלונג און די קאָמפּאָזיציאָנעלע גאַנצקייט.

די אָנזאַמלונג פונ די פאַרשיידנאַרטיקסטע בילדער, דעטאַלנ און שילדערונגענ, ווי געלונגענ זיי זאָלנ ניט זיינ, איז ווי באַלד זיי פאַרלירנ זייער טיפסטנ צוזאַמענהאַנג צעפאַלנ זיי זיכ אינ באַזונדערע טיילנ, אינ בעסטנ פאַל ווערנ זיי אפ א קאָמבינירטנ אויפנ אופגערינגלט, זיי וואַקסנ אָבער ניט ארויס און וואַקסנ ניט אריינ אָרגאַניש איינס אינ דאָס צווייטע.

די ניט פולע פאַנאַנדערשטעלונג פונ די קויכעס־פאַרהעלטענישנ, דאָס פאַרבייגנ א ריי וועזנטלעכסטע זייטנ פונ פאַרטייִשנ קאַמפ און פאַרטייִשער טאַקטיק אינ דאָרפ, דאָס אָפּוועגדנ א ריי שילדערונגענ אפ צוריק האָט געבראַכט צו דעמ, וואָס אינעמ לאַגער פונ די פּאָזיטיווע געשטאַלטנ פעלנ אבסאָליוט די אָנפירנדיקע פאַרטייִשע טוער, די פאָרשטייער פונ דער מאַכט.

אינ דער צווייטער טייל האָט שעכטמאַנ פונ די אָנפירער פונ דער אָרטיקער מאַכט איבערגעלאָזנ בלויז יערמילאָווּן דעמ סעקרעטאַר פונ רייפאַרטקאָם. ווענ ניט ווענ דערזעט אימ ווער ערגעצ וווּ דורכגייִנ און דערקענט אימ אדאַנק דער „פרימעטע“, וואָס באַ אימ פעלט די רעכטע האַנט „אויב נאָר אָנ דער האַנט איז עס ער“... (ז. 173).

יערמילאָוון האָבנ מיר אומבאַדינגט באַדאַרפט זענ אינ ראַיאָנ, אינ דאָרפ, מיר האָבנ אומבאַדינגט באַדאַרפט הערנ זיינע ארויסטרעטונגענ אפ פאַרזאַמלונגענ און זיינע דערקלערנדיקע אָריענטירנדיקע געשפרעכנ; באַ פאַרשיידענע געלעגנהייטנ און אומשטענדנ האָט זיכ געדאַרפט אַלצ בוילעטער אנטפּלעקנ די אינדיווידואַליטעט פונעם פעסטנ באָלשעוויק. שעכטמאַנ גייט דאָ אָבער אפנ וועג פונ קלענסטנ ווידערשטאַנד. אנשטאָט אימ ארויספירנ אינ צענטער פונ די געשעענישנ און האַנדלונגענ און ווייזנ אימ ווי די פאַרקערפערונג פונ דער קלוגער פאַרטיי־פּאָליטיק, פאַרוקט ער אימ אינ סאַמע הינטערגרונט, ווי א ניט נייטיקנ, אבסאָליוט ניט אָנוועזנדיקנ סטאַטיסט.

די פאָזיטיווע אקטיוו פירנדיקע געשטאלטנ, דער איבערגעבורט אונ די ענדערונגענ פונ די פריער־אָפגעשטאנענע, וואָס האלטנ אינ ווערנ פאָזיטיווע איז דאָס סאמע שווערסטע, וואָס שעכטמאנ האָט נאָכ ביז איצט ניט באהערשט. באטראכטנ מיר די אלע שוינ אונדז פונ פריער באקאנטע ווי טאדעוש, לייבקע, יוליק, יוליע, פאָליע א. אנד. זעענ מיר, אז די מערהײַט פונ זיי זײַנענ ניט געוואקסנ, ניט געגאנגענ פאָרויס, נאָר פארקערט, ערטערווײַז מאכנ זיי געוויסע טריט צוריק.

שעכטמאנ ברענגט דאָ ניט ארויס קיינ איינ טיפישע סיטואציע, וואָס זאָל א רוק טאָנ פאָרויס אונ אוועקשטעלנ בוילעטער די טאדעושינער געשטאלט.

אינ דער ערשטער טייל פונ ראָמאנ ווערט פאר אונדז יוליק פאָרגעשטעלט מיט זײַנ אָרעמ לעבנ מיט זײַנע פײַנענ, ווייענ אונ שווערע איבערלעבונגענ איבערנ טויט פונ זײַנ פאָטער פעטראָ באזיל, וואָס דערפירט אימ צומ נעקאָמע־אקט פונ אונטערצינדנ פראנעק זיגערטס שטאל, אונ מיט דעמ פארענדיקט זיכ זײַנ ביאָגראפיע אונ לעבנס־וועג, ווײַל אינ דער צווייטער טייל פונ ראָמאנ איז יוליק ניט מער ווי א נאָמענ, אונ אינ איינציקע ערטער, א געוויסער צוגאָב־שטריכ צומ קאָלעקטיוונ מאסנגעשטאלט פונ די אָרעמ־פויערימ אונ ניט מער.

דורכ יוליענ האָט שעכטמאנ געפרווט דורכפירנ א צווייטע ליניע, די ליניע פונ קאמפ אונ גערანגל פונ דאָס ביאָלאָגישע אונ סאָציאַלע. וואָלט די בײַ־ליניע קלאָר געווענ אָנגעצייכנט, וואָלט זי ניט געווענ שטערנ דער צענטראלער טעמאטישער ליניע, נאָר אפ אסאכ מיטהעלפנ באלעבנ, פארפולנ אונ פארביקער מאכנ די די אלגעמיינע שילדערונגענ. שעכטמאנ ספראוועט זיכ אָבער ניט מיט דער געשטעלטער פראָבלעמ. וואָס קומט דאָ פאָר? יוליע די קאָמניעזאמאָווקע אונ קאָמסאָמאָלקע פארליבט זיכ אינ באלעגופ אָלעס, איינצײַטיק האָט זי ליב טאדעושנ „כ'האָב זיי ביידנ ליב געהאט“. זי לאָזט זיכ מיטנ וועג צו טאדעושנ אונ עס גיט זי א טראָג צוריק צו אָלעסנ. דער סאָציאל נאָענטער טאדעוש ווערט איר אָפט ווײַט, אונ דער סאָציאל ווײַטער אָלעס ווערט איר נאָענט.

דער ארומ, דער קאָמסאָמאָל, די קאָמניעזאמאָווצעס בלײַבנ ניט גלײַכגילטיק צו דעמ, מע פארורטיילט זי אפנ סאמע שטרענגסטנ אויפנ, מע שליסט זי אויס פונ קאָמסאָמאָל אונ זי דערפילט זיכ „צווישנ אלעמענ א פרעמדע“. אונ גראדע אָט די וויכטיקע מאָמענטנ, די רעאגירונג פונעמ ארומ, יוליעס קאָנפליקטנ אונ אויסניכטערונג, ווענ דאָס סאָציאַלע באזיגט אינ איר סאָפקאָלסאָפ דאָס ביאָלאָגישע ווערט קינסטלעריש ניט געוויזנ, ניט אופגעדעקט. שעכטמאנ באנוגנט זיכ דאָ בלויז מיט עטלעכע געציילטע צופעליקע ווערטער, דערפאר אָבער ווערט ער ניט מיד אָפמאָלנ אפ גאנצע 5 זײַטנ די צעהוליעטע זאוורוכע, אלצ צוליב דערווײַזנ די קראפט פונ דער „בייזער רענע“ פונ יוליעס ביאָלאָגישער סטיכיע־קראפט וואָס אינ איר ליבע־פײַער צו אָלעסנ איז זי גרייט אלצ, זאוורוכעס, „אלע באליידיקונגענ אונ אוולעס, וואָס זי טראָגט פונ אימ... אלע צאָרעס, וואָס זי האָט איבער אימ אויסצושטיינ!“ (ז. 8). דאָס ניט וויכטיקע באנאלע דאָמינירט דאָ אונ פארווישט דאָס צענטראלע פראָבלעמאטישע אונ שטערט אויסשיילנ אונ אנטפלעקנ וואָרהאפטיק רעאל די יוליע־געשטאלט.

אויכ טראָכימ, דער געוועזענער פאָרזיצער פונ דאָרפראט, וואָס איז אונטערגע־

פאלן אונטער דער באַלעגופּישער אופּווירקונג און איז דערפאר באַזײַטיקט געוואָרן פון זײַן פּאָסטן, איז פאר אונדז פּראָבלעמאטיש. מיר ווילן אים דערזען מיט זײַנע איבערלעבונגען, מיטן אויסקויפן זײַן גרויסע שולד דורך איבערגעגעבענער ארבעט. אווראָמען צופּט דאָס הארץ, קוקנדיק אף טראָכימען, ווײַל „פון זינט מע האָט ארעס־טירט פראנעקן מיט אריען און מע האָט אים אראָפּגענומען פון פּאָרזיצער פון דאָרפ־ראט קען ער נאָך ניט קומען צו זיך" (ז. 107). שעכטמאן לאָזט אים אָבער אינגאנצן דורך פארבײַ זײַן אופמערזאמקײַט, און דאָס איז ניט ריכטיק. פירט מען ארויס דעם אָדער יענעם געשטאלט דארף ער האָבן זײַן סאָציאלע פונקציע, און ער טאָר זיך ניט ארומדרייען ווי אן איבעריקער ניט נייטיקער.

אסאך געלונגענער האָבן זיך בא שעכטמאנען באקומען אווראָם דער סטאחקיער און אלעקסיי דער קאנאוואל. זיי טיילן זיך ביז גאָר אויס פון דער אלגעמיינער מאַסע אָרעמפּויערים. אווראָם דער סטאווקיער ווערט ארומגעוואָקסן מיט א ריי נײַע שטריכן, ער ווערט געוויזן ווי א הארציקער פּאָטער, ווי אן אקטיווער אָנטיילנע־מער אין אלע געשעענישן, וואָס קומען פּאָר אין דאָרף. זײַן סאָציאלער באוווסטזײַן ווערט לויטערער און קלאָרער פון מאָל צו מאָל. לויט דער איצטיקער טראַקטירונג פון דער אווראָם־געשטאלט איז אבסאָליוט איבעריק דער פארבליבענער שטריך פון טאמעוואסקײַט, פון איבערדרייען יעדע מינוט דעם דאשעק אין דער זײַט.

אלעקסיי דער קאנאוואל ווערט דאָ געוויזן, ווי דער אקומוליאטאָר פון האס, צאָרן און פּראָטעסט קעגן דער אלטער פינצטערער צײַט, קעגן די באַלעגופים, וואָס האָבן בארויבט זײַן לעבן, זײַן פרייד און גליק. דער אָנגעלאָדענער האס און צאָרן אין אים ווערט יעדע מינוט אופגעריסן דורך זײַנע בײַסיקע און צילטרעפלעכע פּאָלקסטימלעכע גלײַכווערטלעך. 65 יאָר האָט ער קיין מאָל ניט געהאַט, און אף זײַן ערד „זײַנען קיין פריילעכע מײַסעס ניט געוואקסן" און אפן 66־טן יאָר פון זײַן לעבן האָט זיך דער מאזל א קער געטאָן צו אים.

אונדז בלײַבט נאָך דאָ צו באטראכטן נאָך איין פרײַערדיקע צענטראלע געשטאלט — דאָס איז לייבקעס. לייבקע ווערט אין דער צווייטער טייל פון ראָמאן דער פארבינד־קנופּ מיטן שטעטל. ער ווערט אָבער ניט דער אויסדרוק, די פּארקערפּערונג פונעם שטעטל.

אין דאָרף איז לייבקע געווען געלונגען אײַנגעשלאָסן אין די אלגעמיינע געשע־ענישן און דאָס האָט קלאָר געוויזן פאר אונדז זײַן וווקס און זײַן באוועגן זיך פּאָ־רויס.

וואָס־זשע פאר א נײַע מײַסים טוט אָפּ לייבקע אין שטעטל? ווי דערפילט ער זיך בא די נײַע אומשטענדן? וואָס פאר א נײַע שטריכן קומען צו אף דערגענצן זײַן געשטאלט און ווײַזן זײַן ווײַטערדיקן אנטוויקלונג־וועג? שעכטמאנען גיט זיך דאָ ניט אײַן אײַנשליסן לייבקען אין סאמע קאָך פון די געשעענישן, אין פאָדערגרונט פון שטעטלשן קאָמיוגישן אקטיוו, און דאָס ווענדעט אָפּ די לייבקע־געשטאלט אין אן אנדער קעגנזעצלעכער־ריכטונג. דער קער איז אזא שארפער, אז אָפּט הייבט זיך אונדז אָן דוכטן, אז שעכטמאן האָט איבערגעריסן דאָס לעבן פון אונדזער גוט בא־קאנטן לייבקען און ער הויבט אונדז אָן דערציילן פון גאָר אן אנדער געשטאלט, וואָס טראָגט דעם זעלבן נאָמען.

די שילדערונגען פון שטעטל זײַנען ניט איזאָלירט און ניט אָפּגעריסן פון דאָרף. די צוויי זיך פאנאנדערגייענדיקע ליניעס גייען זיך ענג צונויף. די געשעענישן אין שטעטל, ווי די געשעענישן אין דאָרף מיט זייער גאנצער ספּעציפישער באזונדערקייט דערגענצן און מאכן פולער איינס דאָס צווייטע. דאָס שטעטל ווערט געגעבן דורך א ריי אויסגעצייכנטע בילדער און דורך א ריי אײַנגעגעבענע לעבעדיקע שטריכן פון די ארויסגעפירטע פערסאָנאזשן. די פערסאָנאזשן ווערן באוועגט דורך די פּראָצעסן, וואָס קומען פאָר אין רעזולטאט פון אָנגריף אף די ספּעקוליאנטיש־באלעגופישע עלעמענטן, אין רעזולטאט פון דער סאָציאַליסטישער בויונג.

עס פלאצט דער מארק, עס ברעכט זיך דער אלטער אײַנגעפונדעטער שטעטלשער שטייגער, דאָס שטעטל איז פול מיט בראָכן און איבערבראָכן, מיט געשעענישן און נײַס. די זון, וואָס איז א שטענדיקע ארײַנגייערן אין שטעטל, און וואָס האָט שוין געזען דאָרט אסאך זאכן בלײַבט פארכידעשט פון די קאָלאָסאלע ענדערונגען. ייִדן זאָלן פאָרן אף ערד, דאָס איז גאָר א מאָדנע נײַס, דאָס זעט זי איצט צום ערשטן מאָל. און באגלײַך מיט דער זון שטייען דאָרט די ייִדן פארכידעשט און קאָנען זיך ניט פאנאנדערקלײַבן וואָס דאָ קומט פאָר. עס ווערט אָפּגעוויטש דער מארק און עס אָרגאניזירט זיך א קאָלעקטיוו פון ייִדישע ערד־ארבעטער.

הערש־לייב איז אָן סאָפּעק דער מער אײַנגעגעבנסטער פון שטעטלשן פערסאָנאזש, כאָטש מיר זעען אים בלויז אין געציילטע מאָמענטן.

דאָס הומאָריסטישע, וואָס האָט דורכויס אנטשפּראָכן דער אויסשיילונג פון דער הערש־לייב געשטאלט, האָט אינגאנצן צעשטערט די אויספורעמונג פון דער פּאָזיטיווער געשטאלט פון אָשערן. אָשער דער לאנגער, בא וועמען „איין פוס איז פון יענער זײַט שטעטל“ און וואָס קומט אלע טאָג מיט א צעשניטענעם פּאָנעם און וואָרפט מיט פּאָליט־עקאָנאָמישע באגריפן און מעשאָלעם, דערמאָנט אונדז אינעם שלימאזלדיקן כאווער פיניע פון „מאָטל־פייסיס“, און שטעלט מיט זיך אין קיין פאל ניט פאָר די פּאָזיטיווע אקטיוו־פירנדיקע פיגור אין שטעטל וואָס אָרגאניזירט און ווערט דער פאָרזיצער פון קאָלעקטיוו.

פונקט ווי אין דאָרף, אזוי אויך דאָ אין שטעטל גיט זיך שעכטמאנען ניט אײַנווײַזן און אופדעקן די אקטיוו־פירנדיקע קויכעס. דער פּארטיי־קאָמיטעט, דער קאָמיוג, דער פּראָפּאריין ווערן קינסטלעריש ניט באוויזן, און דערפאר, איז בא די אלע אויסגעצייכנטע שטריכן פון די שטעטלשע פארשוינען און שטעטלשן לעבן, וואָס שעכטמאן געפינט אויס, גיט זיך אים דאָך ניט אײַנווײַזן מיט דער גאנצער רעאליסטישער קינסטלערישער פולקײַט די דיפערענצירונג, די קויכעס־פארהעלטענישן און דעם אלוײַטיקן אויסזען פון שטעטל צו יענער צײַט.

אין קאָלעקטיוו גיט זיך אײַן שעכטמאנען אויסמאָלן לעבעדיק נאָר א ריי שטעטלשע געשטאלטן. סימכע דער קאצעוו, שמועל דער באלעגאָלע און זאלמען דער גלעזער שטעלן פאָר מיט זיך די האָרעפּאשניקעס פון שטעטל, וואָס האָבן זייער גאנצן לעבן אָפּגעהאָרעוועט און איצט ענדערן זיי זייער האָרעוואניע, זייער פּראָפּעסיע.

וואָווע און געדאליע, די צוויי אָרעמע קרעמערלעך, וואָס האָבן אין מארק געפּיקט איינער דעם צווייטן די גאל ווערן דאָ גוואלדיק נאָענט. זיי האָבן א לעבן אָפּגעהאנדלט, קאָנקורירט צווישן זיך און איצט הייבן זיי אָן גיין נאָכן אקער, זיי

הײבנ אָנ טאָנ אַנ ארבעט, װאָס אײנער דעמ צװײטנ דארפ ניט שטערנ, נאָר העלפנ, װײַל נאָר דורכ הילפ, דורכ געמײנזאמער ארבעט קאָנ דאָ בעסער װערנ דאָס לעבנ. געלונגענ איז דאָ אױכ ארױסגעפירט זװוגנ דער מעלאמעד, ער קאָנ ניט קוקנ, װי ס׳רינט די מילכ, ער פארגינט זיכ ניט האנאָע האָבנ פונ דער נאטור. א גאנצ לעבנ האָט ער זיכ אָפּגעװאלגערט אינ איפעש, אינ בלאָטע אונ האָט זיכ ניט פאָרגעשטעלט אזא ליכטיקע װעלט.

דער קאָלעקטיװ, װי מיר זעענ, װערט דאָ ניט צונױפגעגאָסנ אינ קײנ גרױער מאסע. די געשטאלטנ זײַענ דיפערענצירט, יעדער אײנער שטײט זיכ אפ זײַנ באַזונדער אָרט מיט זײַנ באזונדער אױסזענ, מיט זײַנע באזונדערע אסאָציאַציעס, איבערלעבונגענ אונ שטימונגענ. שעכטמאנ װײַזט אונדז דעמ קאָלעקטיװ אינ די ערשטע טעג פונ זײַנ ארופטרעטנ אפ דער ערד. דער ערשטער ארופטריט איז א שװערער. די שװעריקײַטנ גײט שעכטמאנ ניט פארבײַ. דער סױגע איז נאָכ פארטײַעט. ייִסראָעל מײדאנער װעט אָבער ניט לאָזנ צורו, מיט אימ װעט דאָ אױסקומענ צו פירנ א פארביטערטנ קאמפ.

די פארשטארקונג פונ דער בלוט־צירקוליאציע פונ ראָמאנ, די אופלעבונג אונ דיפערענצירונג פונ א רײ געשטאלטנ, האָבנ אָנ אנ ערעכ מיטגעהאָלפנ די פאָלקלאָרישע פאָלקסטימלעכע שפראכ־זאפטנ, װאָס שעכטמאנ װענדעט דאָ אָנ אפ אנ אױסגעצײכנטנ אופנ.

דער פאָלקס־אױסדרוק אינ מױל פונ יעדנ באזונדער געשטאלט װערט ריכטיק אינטאָנירט אונ אקצענטירט, אונ מיט דעמ װערט ער שארפ, טרעפלעכ אונ ציל־געװענדעט. שעכטמאנ געפינט אױס אינ יערנ פאָלקס־װאָרט דעמ סאָציאַלנ פאסמאָרס, דעמ קלאסנ אונ נאציאָנאלנ קאָלאָריט.

שעפנדיק פונ די ייִדישע פאָלקלאָרישע אױצרעס, געפינט ער אײנצײַטיק אױס אינ ייִדיש דעמ קינסטלערישנ עקװיװאלענט פאר איבערגעבנ דעמ אוקראַינישנ פאָלקלאָר, דעמ אוקראַינישנ פאָלקס־אױסדרוק אונ פאָלקס־װערטל.

ייִסראָעל מײדאנער, דער ייִד דער לאמדנ באנוצט זיכ מיט די אפאָריזמענ אונ גלײַכװערטלעכ פונ זײַנ סאָכרישער טױרע־קולטור.

„אזױ װי מ׳טאָר יענעמ קײנ שאָדנ ניט טאָנ, אזױ טאָר מענ זיכ קײנ שאָדנ ניט טאָנ, אזױ װי א מענטש טאָר זיכ ניט מאכנ קײנ פעלער אינ אױג, אָדער אינ האנט, אזױ טאָר מענ ניט װארפנ קײנ געלט אפנ װינט“ (ז. 17).

דער מעגושעמדיקער מױשע מופטע פארמאָגט זיכ זײַנ ספעקוליאנטיש־ליװעראנטישע לעקסיק, זײַנע ספעקוליאנטיש־ליװעראנטישע װערטלעכ. „אײדער פירנ א בלינדע שקאפע איז שױנ בעסער גײנ צופוס“ (ז. 70).

הערש־לײב דער שטעטלשער קוסטאר־עקספלואטאטאָר זאָגט ניט ארױס קײנ אײנ װערטל אומזיסט. די גלײַכװערטלעכ העלפנ אימ מיט זיכ פארמאסקירנ, זײ קומענ װי אײדעס צו דערװײַזנ, אז דאָס לעבנ פונ א קירזשנער איז זײער א שװערס, אז א קירזשנער איז א „ניעשטשאסנע באשעפעניש“.

„אזש א קירזשנער װערט געבױרנ כאשמעט מענ אימ אָנעט פונאױבנ, װיפל ארשינ פאָדעמ ער דארפ פאר זײַנ לעבנ אױסשנײענ... נײשטו אױשעט דײַנ פאָרציע גיכער, שטארבסטו גיכער, נײשטו פאװאָליע שטארבסטו פונ הונגער“ (ז. 86).

בא שמועל דעם באלעגאלע, וואס וויל האבנ א דינטווירע מיט דער וועלט, קלינגענ אפ די ווערטלעכ מיט פראטעסט, מיט פארביטערונג אונ מיט עכטנ פאלקס־כויזעק.

„אז איכ וועל שטארבנ, וועל איכ אנזאגנ, מע זאל מיכ לייגנ מיטנ פאנעם אראפ, וועט מענ דארט מיינענ, אז איכ בינ שוינ א געשמיסענער" (ז. 74).

די באלעגופים פארמולירנ דורכ יעדנ אויסגענוצטנ פאלקסווארט די נייע מעטאדנ פונ זייער קאמפ, זייער פארביטערטקייט אונ צעררייצטקייט.

„אפ א פערד דארפ מענ רייטנ, פאני סרול, אונ אכטונג געבנ, ער זאל דיכ ניט אראפוווארפנ" (ז. 18).

אדער: „דאס לעבנ, ברידערלעכ, איז ווייכ ווי ווערבע אונ הארט ווי א ריאבינע" (ז. 116) אונ קעגנ דער הארטקייט פונ לעבנ רופנ זיי קעמפנ ביזנ לעצטנ טראפנ בלוט.

„א מויל איז ניט קיינ גארטנ, וועסט 'עס ניט פארצאמענ" (ז. 157), זאגט אלעקסיי דער קאנאוואל, וואס איז בעקומענ דאס ערשטע מאל אפ זיינ לעבנ צום ווארט אונ וואס שמייסט איצט מיטנ ווארט אונ מיטנ גלייכווערטל די באלעגופים אינ פאנעם אריינ. אזעלכע אונ ענלעכע ביישפילנ וואלטנ מיר געקענט נאכ ברענגענ זייער אסאכ, ווייל דאס גאנצע בוכ איז מיט זיי פארפולט.

די פאלקס־זאפטנ העלפנ מיט אפשוויינקענ די אינ גרונט סענטימענטאל־זיסלעכע אידילישע פארבנ, וואס האבנ זיכ געהאט גאנצ ברייט פאנאנדערגעגאסנ אינ דער ערשטער טייל (איניקע שפורנ פונ סענטימענטאלער זיסלעכקייט זיינענ אויכ דא אינ דער צווייטער טייל פארבליבנ, דאס פילט זיכ אינ לייבקעס אפטנ שפילנ אפ דער דודע, אינ זיינ זינגענ באמ פויער, אונ באמ געזעגענענ אונ באמ באגעגענענ זיכ מיט די קאמניעזאמאוצעס).

פייזאזשנ אונ נאטור־בילדער, וואס האבנ פריער אפ אסאכ מיטגעהאלפנ דער פארלאנגזאמונג פונ שעכטמאנס שילדערונגס־מעטאד האבנ זיכ איצט אינ א גאנצ היפשער צאל ערטער פעסט אונ ארגאניש איינגעוועבט אינעם סיוזשעט, אינ דעם אלגעמיינעם טעמפ פונ די האנדלונגענ. שפורנ פונ איזאלירטנ, איבעריקנ, מאמענט־וויי טראפערטנ-פייזאזש, זיינענ נאכ אבער דא פארבליבנ. עס רינענ נאכ ערגעצ ווו „פיידיקע ריטשקעלעכ", די זונ שטעכט זיכ נאכ פונ מאל צו מאל אנ די צווייגנ אונ טריפט מיט „רויטנ ווייג". די לעוואנע נאכ נעהטנאדעוועס: אט בלאנקעט זי עלנט אונ זוכט א וועג איבערנ הימל, אונ אט כאפט זי זיכ אריינ אינ שטוב „אונ ציטערט א פארפרוירענע אינ ווינקל" א. א. וו. א. ד. גל.

איינע פונ די באליבטסטע מיטלענ בא שעכטמאנענ איז די פערזאניפיצירונג פונ דער נאטור. אסאכ בילדער גיט זיכ אימ איינ דורכ דעם צו באלעבנ, ווי צ. ב., „אינ די קאליוזשקעס פאליושקענ זיכ די שטערנ. די לעוואנע פארעט ארומ דעם ייִדנ ווי א קוואטשקע, ער זאל כאלילע מיט זיינע גרויסע שטיוואלעס ניט צעטרעטנ קיינ שטערנדל (ז. 163).

אדער: „די נידעריקע ווערבעס באמ סטאוו זיינענ געשטאנענ ביז די העלדזער אינ וואסער, זיכ געווארפנ, געפאטשט מיט די צווייגנ ווי דערשראקענע פארפלאנ־טערטע פויגל" (ז. 5).

די פארכאפסקײַט מיט דער פערזאָניפיצירונג פונ דער נאטור ברענגט אָבער אָפט צו איבערגעטריבנקײַט. אינ אײניקע ערטער אפילע צו באנאלקײַט, וואָס דאָס הויכט אויס דיווירקלעכע לעבעדיקײַט פונ די פײזאזשנ, בילדער, עפיטעטנ אונ פארגלײַכנ, ווי צ. ב.: „דער סאָד אונטער דער שטוב האָט געקרעכצט ווי א געווינערנ" (ז. 7). דער פארגלײַכ מיט דער געווינערנ געפעלט אים אזוי, אז ער כאזערט אים איבער. „מיטנ רײַפנ באגינענ איז דער הימל צו זיכ געקומענ, זיכ פארוויסלט ווי א קימפעטאָרנ נאָכ די שווערע איבערגעקומענע ווייענ" (ז. 184).

די זאווייע בלײַבט בא אים ליגנ ווי א געקוילעטער אָקס „פארטאָג צו איז שוינ די זאווייע געלעגנ ווי א געקוילעטער אָקס" (ז. 10).

דער טײַכ בריקעוועט „ווי א יונגער לאָשעק" (ז. 8). דער שניי לויפט מיט א ברומערײַ. „ווי א טיטשקע הונגעריקע וועלפ" (ז. 7).

דאָס פאשע־פעלד נאָכנ רעגנ זעט אויס ווי אנ אויסגעלעקטע פעל בא א קעלביקער בעהיימע" (ז. 186), אונ די פורנ זעענ אויס אָט ווי די בושלענ (ז. 25) אונ אָט ווי די גענדז (ז. 26) א. א. וו.

שעכטמאנ דער קרעפטיקער שילדערער פונ נאטור דארפ ניט לאָזנ קײנ שפור פונ אזא ארט אָפענער פרימיטיווער פערזאָניפיצירונג.

---

וויכטיקע אידייִשע קינסטלערישע מײַלעס פארמאָגט די צווייטע טייל „פאראקערטע מעזשעס" לעגאבע דער ערשטער. א ברייטער טעמאטישער פארנעם—דאָרפ אונ שטעטל, א פארשיידנארטיקער קרײַז פונ געשטאלטנ, וואָס אסאכ פונ זיי ווערנ פאר אונדז אָפגעמאָלט לעבעדיק. עס ווערט קינסטלעריש וואָרהאפטיק אופגעדעקט דער כאראקטער, דער געמיט־צושטאנד אונ די נײַ־געענדערטע מעטאָדנ פונ די ספעקוליאנטנ אונ באלעגופים.

לעבעדיק אונ פארשיידנארטיק איז דער קאָלעקטיווער מאסנ־געשטאלט פונ די אָרעמפויערים, וואָס קומענ אינ צוזאמענשטויס, וואָס גיבנ אינ יעדנ נייטיקנ מאָמענט א ווידערשטאנד די באלעגופים.

פולבלוטיק זײַנענ די בילדער וועגנ שטעטל אונ וועגנ די שטעטלשע, וואָס וואנדערנ דערנאָכ אריבער אינ קאָלעקטיוו.

די צווייטע טייל „פאראקערטע מעזשעס" פארמאָגט אסאכ וואָרהאפטיקע געשעענישנ אונ שילדערונגענ. א שלאל פונ אומגעהייער רײַכע פאָלקלאָרישע פאָלקסזאפטנ, פונ קרעפטיק געשליפענעם דיִאלאָג אונ פונ פארביקע פײזאזשנ אונ נאטורגעמעלנ.

שעכטמאנ רײַסט דאָ פאנאנדער די אימפרעסיִאָניסטישע פענטעס, די סטאטישע מאָנאָטאָנישע פארגליווערטקײַט. דער ראָמאנ געווינט שטארק אויס פונ דעם אונ ווערט אינ זייער אסאכ ערטער לײַדנשאפטלעכ, טעמפעראמענטפול, שפאנענדיק אונ פארכאפנדיק.

די אלע מײַלעס טאָרנ אָבער ניט פארשטעלנ די גרויסע אידייִש־קינסטלערישע כעסרוינעס, וואָס דער ראָמאנ פארמאָגט. שעכטמאנס רעאליזם איז נאָכ אינ אסאכ ערטער ווײַט פונעם סאָציִאליסטישנ רעאליזם. ער לײַדט פונ אײנזײַטיקײַט, פונ פאר־

בײַגיינ אונ אָפט ניט באנעמענ א ריי וועזנטלעכסטע זײַטנ פונ דער רעאלער ווירקלעכקײַט.

די אָנפירנדיקע ראָליע, די דורכגעפירטע ליניע אונ דעם פארביסערטנ קאמפ פונ דער פארטיי אינ דאָרפ איז אזוי בלאס אָנגעמאָלט, אז דאָס איז לאכלוטנ שווער צו באמערקנ אינ ראָמאנ, אונ דאָס איז זייער א גרויסער פעלער.

ביז גאָר שוואכ איז פארטראָטנ דער מיטלפויערישער שיכט, אונ דאָס האָט געשטערט אופדעקנ די עמעסע קויכעס פארהעלטענישנ, דעם פולנ גאנג פונ קלאסנקאמפ אינ דאָרפ.

דאָס אלצ האָט געבראכט צו דעם, וואָס אינ היפשע טיילנ פונ ראָמאנ פעלט די היסטאָרישע אָביעקטיווע קאָנקרעטע דערקענטעניש וועגנ דעמ באשטימטנ געשילדערטנ פעריאָד אונ וואָס א ריי געשטאלטנ פונעמ פאָזיטיווג לאגער האָבנ זיכ דאָ ניט ווי צו באוועגנ, ווי ארויסצוואקסנ אלס פולבלוטיקע לעבעדיקע מענטשנ.

היסטאָרישע עטאפנ, געשיכטע, מוזנ געשילדערט ווערנ געשיכטלעכ. פארנ שרײַבער דארפ די פארגאנגענהײַט ווערנ קלאָר אונ נאָענט ווי דער הײַנטיקער טאָג, אינ וועלכנ ער לעבט. דורכ הײַנטיקנ טאָג האָט ער רעכט אונ ער דארפ קוקנ אפ דער פארגאנגענהײַט. ער דארפ אָבער שטענדיק קאָנענ געפינענ די היסטאָרישע גרענעצ, די היסטאָרישע דורכגעגאנגענע מעהאלעכנ, וואָס פארבינדנ אונ טיילנ אָפ איינ פעריאָד פונעמ צווייטנ.

אינ די ווײַטערדיקע טיילנ פונ זײַנ ראָמאנ, ווו שעכטמאנ וועט פרווונ באריירנ נײַע פראָצעסנ אונ נײַע עטאפנ, טאָרנ זיכ ניט איבערכאזערנ אָט די פעלערנ. אפ פעלערנ דארפ מענ זיכ לערנענ, אונ או שעכטמאנ קאָנ זיכ לערנענ אפ אייגענע פעלערנ האָט ער אונדז אסאכ מאָל באוויזנ אונ איבערצײַגט.

# כראָניק

## צום 750 יאָריקן געבורטס-טאָג פון שאָטא רוסטאוועלי.

דעם 11־טן דעקאבער וועלן זיך אָנהויבן די פײַערונגען פונעם גרויסן גרוזינישן דיכטער. 750 יאָר זינט עס איז געבוירן געוואָרן שאָטא רוסטאוועלי. צו דער דאָזיקער ליטעראַרישער דאַטע וועט זיך אינעם טיפליסער מעלוכישן מוזיי עפענען אן אויסשטעלונג אף דער טעמע: „שאָטא רוסטאוועלי און זײַן עפּאָכע“. די אויסשטעלונג וועט אילויסטרירן דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן צושטאנד, מעלוכישע אָרדענונג, קונסט און ליטעראטור פון גרוזיע אין פעריאָד פון XI—XIII יאָרהונדערטער. צווישן די עקספּאָנאטן וועלן אף דער אויסשטעלונג פיגורירן 19 מאנוסקריפּטן פון רוסטאוועליס פּאָעמע. דער סאמע עלטסטער פון זיי געהערט צום 1646 יאָר. אף דער אויסשטעלונג וועט אויך זײַן פאָרגעשטעלט אַלע אויסגאבעס פון דער פּאָעמע, אָנהייבנדיק פון דער אויסגאבע פון 1712 יאָר. אינגאנצן 22 געדרוקטע אויסגאבעס, אזוי אויך אַלע איבערזעצונגען פון דער פּאָעמע אף פארשיידענע שפּראכן און די גאנצע ליטעראטור וועגן רוסטאוועלי.

די אויסשטעלונג וועט אויך פארמאָגן א ספּעציעלן אָפּטייל אף דער טעמע: „די דענקמעלער פון דער מאטעריעלער קולטור אין רוסטאוועליס עפּאָכע“. צוליב דעם ציל ווערן דורכגעפירט אין גרוזיע באדײַטנדיקע ארכעאָלאָגישע אויסגראָבונגען.

צו די יובילײ־טעג וועט דערשײַנען אין דער גרוזינישער שפּראך די יובילײ־אויסגאבע פונעם פולן אקאדעמישן טעקסט פון רוסטאוועליס פּאָעמע „דער העלד אין טיגער־פעל“. אונטער דער רעדאקציע פון דער ספּעציעלער קאָמיסיע פונעם אינסטיטוט א. נ. רוסטאוועלי מיט אילויסטראציעס פונעם קינסטלער. פּראָפעסאָר מ. טאָידזע.

די פּאָעמע „דער העלד אין טיגער־פעל“ וועט דערשײַנען אין א ריי מאסן־אויסגאבעס אף פארשיידענע שפּראכן: אין רוסיש, אוקראַיִניש, טיורקיש, ארמעניש, פראנצויזיש און ענגליש; אויסצוגן פון דער פּאָעמע וועט זײַן געדרוקט אף יִידיש, אבכאזיש און אנדערע שפּראכן. ס'ווערט ארויסגעגעבן א ריי ספּעציעלע מאָנאָגראפיעס, זאמלביכער, א זאמלבוך מיט ארויסזאָגונגען פונעם פארשטאָרבענעם אקאדעמיקער נ. יא מאר.

עס ווערט ארויסגעלאָזן אן אלבאָם מיט פארצײַטיקע אילויסטראציעס צו דער פּאָעמע.

די שרײַבער־אָרגאניזאציע פון ווססר האָט אויסגעטיילט א קאָמיטעט אף דורכצופירן די יובילײ־פײַערונגען פון שאָטא רוסטאוועלי. דער קאָמיטעט איז פארפליכטעט אָרגאניזירן און צוגרייטן איבערזעצונגען פון די בעסטע לידער פון זײַן בארימטער פּאָעמע „דער העלד אין טיגער־פעל“

דער מעלוכישער ליטעראַרישער פארלאג גיט ארויס די אומשטערבלעכע פּאָעמע אין רוסיש אין דער איבערזעצונג פון ג. צאגארעלי, מיט אילויסטריאציעס פון ס. אבאקעלי.

דער פארלאג פון דער וויסנשאפט־אקאדעמיע פון ססר גיט ארויס די פּאָעמע אין דער איבערזעצונג פון פּ. פּעטרענקאָ.

## אויסשטעלונג פון ווססר פאר צוואנציק יאָר

לויט דער באשטימונג פון צק קפּ(ב)וו וועט צום 20־טן יאָרטאָג פון דער גרויסער סאָציאַליסטישער אָקטיאבער רעוואָליוציע אין מינסק אָרגאניזירט ווערן א רעפּובליקאנישע אויסשטעלונג „ווססר פאר 20 יאָר“.

די אויסשטעלונג וועט האָבן 7 אָפּטיילן: אן אינדוסטריעלע, לאנדווירטשאפטלעכע, פאר קולטור, קאָמונאלע ווירטשאפט, טראנספּאָרט, פארבינדונג און האנדל. פילצאָליקע עקספּאָנאטן וועלן אָפּשפּיגלען די גרויסע דערגרייכונגען פון ווססר אין פארשיידענע צווײַגן פון דער פאָלקסווירטשאפט און סאָציאַליסטישער קולטור.

די קינסטלער און סקולפּטאָרן פון ווײַסרוסלאנד גרייטן פאר דער אויסשטעלונג בא 250 בילדער און סקולפּטורן. עס איז שוין צונויפגעזאמלט א ריי עקספּאָנאטן פון פאָלקס־שאפונג: מוסטערן פון קינסטלערישע געוועבן, קינסטלערישע אויסארבעטונגען פון האָלץ, קינסטלערישע אויסארבעטונגען פון געפּאַ

---

רעדקאָלעגיע

---

דרוקערײַ א. נ. סטאלין, מינסק. באשט. 1253 גלאַווליטבעל 486.

## ЗМЕСТ

| | Стар. |
|---|---|
| М. І. Калінін—„Палажэнне аб выбарах у Вярхоўны Совет Саюза ССР" | 1 |
| Мота Дзехияр—Згубленая магіла | 13 |
| М. Хашчэвацкі—У Бірабіджане (Верш) | 25 |
| Ш. Годзінер—Самы малады сцяг (апавяданне) | 28 |
| Г. Блоштэйн—Вершы | 61 |
| Ю. Іофэ—Фрагменты з рамана | 63 |
| З. Цэлесін—З мінулага (вершы) | 71 |
| Ш. Чэрняўскі—Верш | 75 |
| Ноях Лур'е—Эля Ёрш (працяг) | 76 |
| Б. Аршанскі—Упершыню | 101 |
| М. Міцін—Геніяльны твор | 110 |
| І. Друкер—Аб другой кнізе „Узараныя межы" | 116 |
| Хроніка | 132 |

פרײַז 3 רוב.

# ШТЭРН
## (ЗОРКА)
Літаратурна-мастацкі
і палітычна-навуковы
часопіс

ВЫДАННЕ
„Окцябр“
Менск, Рэволюц. вул., 2.